

שלמה סיימאָן

# יידן צווישן פעלקער

זע, אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער,
און צווישן פעלקער וויל ער זיך
ניט פאַררעכענען.
(במדבר כ"ג, ט)

און זיי האָבן געזאָגט, ניין, דווקא
אַ מלך מוז זיין איבער אונדז, אַז
מיר זאָלן אויך זיין ווי אַלע פעלקער.
(שמואל א' ח' יט, כ)

פאַרלאַג יידישע עטישע געזעלשאַפט
תש"ט — 1949

ליבע ברון

# א י נ ה אַ ל ט :

# הקדמה

„יידן צווישן פעלקער" איז א מאָנאָגראַפּיע וועגן דעם געראַנגל, וואָס קומט פאָר אין דער יידישער געשיכטע, מקדמונים אָן, צווישן צוויי שיטות.

איין שיטה האלט, אַז יידן זיינען א פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער, און דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן דאַרף געבויט ווערן אויף די יסודות פון מלוכה־מאַכט, וואָס זוכט זיכערקייט אין זעלנער, פעסטונגען, דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען און פאַרבינדונגען מיט אַנדערע מלוכות.

די צווייטע שיטה גלייבט, אַז יידן זיינען אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער. גאָט האָט געשלאָסן א בונד מיט יידן צו זיין א הייליק פאָלק אין א הייליק לאַנד, דאַרף דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן געבויט ווערן אויף די יסודות פון יושר און גערעכטיקייט און ניט אויף מלוכה־מאַכט.

אין דער לאַנגער יידישער געשיכטע האָט געזיגט אַמאָל די ערשטע שיטה און אַן אַנדערש מאָל האָט די איבערהאַנט גע־קראָגן די צווייטע ריכטונג. איין מאָל, אין דער תקופה פון די חשמונאים, האָבן יידן געפּרובירט מאַכן א פשרה צווישן די צוויי שיטות. עס איז זיי ניט געלונגען.

און דער געראַנגל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביז צום היינטיקן טאָג.

ז׳ אדר תש״ט, ברוקלין, ניו־יאָרק.

## א. די אַנדערשקייט פון די יידן

עס איז אָנגענומען ביי דער וועלט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער. אַ סך מיינען, אַז יידן זיינען אַנדערש, ווייל די יידישע אמונה איז בעצם דערהויבענער, שענער, עטישער און געלייטערטער פון אַלע אַנדערע רעליגיעס. אָבער דער אמת איז, אַז צו פאַרגלייכן איין גלויבן מיטן אַנדערן און באַווייזן, אַז די דאָזיקע רעליגיע איז אַ דערהויבענע און די אַנדערע איז אַ נידעריקע; די אמונה איז אַ געלייטערטע און די אַנדערע איז פול מיט פסולות — איז בכלל כמעט אַ נוצלאָזע זאַך. די עיקרים פון רעלי־גיעס שיידן זיך קנאַפּ פאַנאַנדער. זייערע מאָראַלישע קאָנצעפּציעס, דער ריטואַל און אַפילו זייער גרונט־וועלט־באַנעם האָבן געמיינשאַפטלעכע וואָרצ־לען. די טעאָלאָגן, וואָס טייטשן אויס און פאַרטייטשן פאַרשיידענע רעליגיעס אַמפּערן זיך ס'רוב איבער „שבולתן". די „גאָט־באַטרונקענע" פון יעדן גלויבן האָבן אַ געמיינשאַפטלעכע מאָראַל. די פאָלקס־רעליגיע איז אַבער־גלויבעריש. אויב זוכן דעם אונטערשייד, דעם עיקר־חילוק צווישן יידישקייט און אַנדערע רעליגיעס, דאַרפן מיר עס זוכן ניט אויפן טעאָלאָגישן פעלד און ניט אין דער אַבסטראַקטער מאָראַל נאָר אין דער קאָנקרעטיזירונג. דאָרטן וועט מען עס טאַקע געפינען.

דער ערשטער און הויפּט־עיקר פון יידישער אַנדערשקייט איז: יידיש־קייט איז ניט בלויז אַן אמונה, וואָס פאַרשרייבט געוויסע מצוות פאַר געוויסע צייטן פון טאָג אָדער פון יאָר. יידישקייט איז אַ לעבנסשטייגער פון אַ פאָלק. און ווי אַ פאָלק איז עס אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל דאָס יידישע פאָלק איז אַ פרייוויליקער קיבוץ.

ישראל איז אַ פרייוויליקער קיבוץ און יעדער יחיד איז די אומה. און די אומה איז ניט קיין נאַציע, וואָס פאָדערט אויפגעהאַלטן צו ווערן מיט אַ שטאַט־אַפּאַראַט, וואָס צווינגט דעם יחיד צו זיין אַ מיטגליד אין דער גע־מיינדע. פאַרקערט גאָר, דורך דעם יחידס פרייוויליקע און רעכטפאַרטיקע מעשים ווערט פאַרזיכערט דער קיום פון דער אומה (1).

יידישקייט איז אויך ניט קיין גלויבן צו וועלכן אַ יחיד האָט זיך דער־

---

(1) וועגן דעם ענין זע: אבא גאָרדאָן, מאָראַל אין יידישן לעבן, זז' 21, 25.

טראַכט, ווי אַכנאַטאָן האָט זיך דערטראַכט צום מאָדיפיצירטן פּאָליטעאיזם, אָדער ווי עס האָט פּאַסירט מיטן קריסטנטום: אַ מלך האָט „אַנטדעקט" די „אמתע אמונה" און זי אַרויפגעצוואונגען אויפן פאָלק. יידישקייט איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם עצם מהות פון יידישן פאָלק.

„דער מאָנאָטעאיזם ביי יידן איז ניט געווען קיין געדאַנק, אַ מיינונג אָדער אַ טעאָלאָגיש־פילאָסאָפישער מוסטער, נאָר אַ גרונט־אידעע פון אַ פאָלקס־קולטור, אַ גאַנצער וועלט־געפיל פון אַן אמונה" (2).

און וויכטיק איז ניט דער עצם געדאַנק, אידעע אָדער עטישע קאָנצעפּציע, וואָס עלעמענטן פון זיי, און אָפט מער ווי עלעמענטן, געפינען זיך אין אַנדערע קולטורן. וויכטיק איז די קאָנקרעטיזירונג, וואָס די אידעע האָט געקראָגן דורך דעם יידישן פאָלק.

„די געשיכטע פון יידישער רעליגיע איז ניט די געשיכטע פון דער אידעע, נאָר איר פאַרווירקלעכונג, איר פאַרקערפּערונג און איר ווירקונג" (3).

די תורה זאָגט, אַז גאָט האָט אויסדערוויילט די יידן פון אַלע אַנדערע פעלקער, צו זיין דאָס באַליבטע פאָלק זיינס, דערפאַר האָט ער אים געגעבן אַזוי פיל מצוות און געבאָטן. מאַרטין בובער וויל עס „דערנענטערן צום שכל", ראַציאָנאַליזירט ער דעם בחירה־געדאַנק.

„און וואָס טיילט אָפּ די קוואַליע פון „האבירו", אָדער וואָס דער נאָמען זאָל ניט זיין, פון אַנדערע קוואַליעס? מוז מען זאָגן: מיט אַ ספּעציעלן חוש האָט ישראל דערשפּירט אַ באַשטימטע נייגונג אין זיין כאַראַקטער און האָט זי אָנגענומען, ווי אַ באַפעל פון אויבן. און אָט דער אויפנעם איז געווען אַזוי רעאַל און קאָנקרעט, אַז ער האָט ניט געקענט צופרידנשטעלן זיין זעל מיט דעם וואָס זי וועט אויספאָלגן דעם באַפעל בלויז אויף אַ סימבאָלישן אופן" (4).

אָט דער יאָך פון גאָטלעכקייט, לויטן יידישן באַנעם, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן ניט נאָר אויף דעם פאָלק, ווי אַ גאַנצן קאָלעקטיוו, נאָר אויך אויף יעדן יידישן יחיד באַזונדער, ווי דער פּסוק זאָגט:

„ביי מיר זיינען די קינדער פון ישראל קנעכט; זיי זיינען מיינע קנעכט, וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן פון מצרים" (ויקרא כ"ה, נה). ריכטיק טייטשט אויס רש"י דעם פּסוק: „שטרי קודם — מיין וועקסל קומט צוערשט". די התחייבותן, וואָס אַ ייד האָט, זיינען פריער צו גאָט, דערנאָך צו מלוכה.

---

(2) יחזקאל קויפמן: תולדות האמונה הישראלית, כרך ראשון, ז' 11.
(3) דאָרט.
(4) מארטין בובר: משה, זז' 20, 21.

אַז דאָס איז ניט גלאַט קיין אויסטייטש, קאָן מען עס זען פון דעם, וואָס דער רמב״ם פסקנט וועגן דעם ענין התחייבותן פון יחיד צו מלוכה:

„דער וואָס איז מבטל דעם מלכס גזירה, באַפעל, ווייל ער איז פאַרנומען מיט טאָן אַ מצווה, אַפילו מיט דער קלענסטער מצווה, איז פטור פון שטראָף, ווייל ווען עס איז אַ באַפעל פון האַר און אַ באַפעל פון קנעכט, דאַרף מען פאָלגן דעם האַרס באַפעל. און מען דאַרף אַפילו ניט באַטאַגען, אַז אויב דער מלך באַפעלט בטל צו מאַכן אַ מצווה, פאָלגט מען אים ניט״ (5).

„די ערד געהערט צו גאָט״ (ויקרא כ״ה, כג); „די יידן זיינען קינדער צו גאָט״ (דברים י״ד, א), איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין חומש.

ניט געקוקט, וואָס די אַחריות פון יחיד איז כראָנאָלאָגיש אַרויסגע־בראַכט געוואָרן ערשט שפּעטער (ירמיהו ל״א, כח, כט; יחזקאל י״ח), אָבער דאָס וואָס וועגן דעם ענין ווערט קלאָר גערעדט אין חומש בראשית אַפילו, איז אַ סימן אַז די וואָרצלען גייען טיפער. ס׳איז קלאָר, אַז שוין גלייך אין אָנהייב פון דער יידישער געשיכטע האָט שוין דאָס פאָלק געפילט, אַז עס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ ספּעציעלער יאָך — אַ יאָך צו זיין אַ קעניגרייך פון כוהנים און אַ הייליק פאָלק (שמות, י״ט, ו).

אָבער טראָגן דעם יאָך פון געטלעכקייט איז שווער סיי פאַר אַ יחיד און סיי פאַר אַ פאָלק. ס׳איז ניט גרינג צו זיין גאָטס־קנעכט און ס׳איז ביטער צו זיין אַן אויסדערוויילטער. ניט אומזיסט האָט דער נביא געזאָגט:

„און איצט הער, יעקב, מיין קנעכט, ישראל, וועמען איך האָב אויסדער־ווילט. אַזוי האָט געזאָגט דיין באַשאַפער און דער, וואָס האָט דיך אויסגע־פורעמט אין דער מאַמעס בויך: דו זאָלסט ניט מורא האָבן, מיין קנעכט יעקב און ישורון, וועמען איך האָב אויסדערוויילט״ (ישעיה מ״ד, א, ב).

מען האָט מורא צו נעמען אויף זיך אַזאַ שווערן יאָך. קיינער וויל ניט אָנ־נעמען פרייוויליק דעם שווערן עול פון אַן אויסדערוויילטן. מען ווערט זיך, מען שטעלט זיך אַנטקעגן, אַפילו ווען מען ווייסט, אַז דער גורל איז פאַר־חתמעט און דער שיקזאַל איז אומפאַרמיידלעך.

קיינער פון די נביאים האָט ניט געוואָלט אויף זיך נעמען גאָטס שליחות. דער גרעסטער פון אַלע נביאים, משה, האָט זיך דריי מאָל נאָכאַנאַנד אָפּגע־זאָגט צו נעמען אויף זיך די שליחות פון אַ נביא. צום דריטן מאָל, ווען משה האָט געזאָגט: „איך בעט דיך, גאָט, שיק דורך וועמען דו ווילסט שיקן, אָבער

---

(5) רמב״ם: הלכות מלכים, פרק שלישי, סעיף ט.

ניט דורך מיר״, איז גאָט אין כעס געוואָרן און אַרויפגעצוואונגען אויף אים די שליחות (שמות ג, יא; ד׳ יא ביז יד).

עמוס דערציילט, אַז ער האָט זיך ניט געקענט העלפן; ער האָט געמוזט ווערן אַ נביא: „ווען אַ לייב ברילט, ווער דערשרעקט זיך ניט? ווען גאָט, דער האַר, באַפעלט, ווער וועט ניט נביאות זאָגן?״ (עמוס ג׳, ח).

ישעיה האָט זיך דערשראָקן פאַר דער גרויסער שליחות, וואָס גאָט האָט אויף אים אַרויפגעלייגט. ערשט נאָך דעם, ווי אַ מלאך האָט צוגערירט צו ישעיהס מויל אַן אָנגעברענטן שטיין, האָט דער נביא צוגעשטימט צו ווערן דער שליח פון גאָט. (ישעיה ו׳, ז).

ירמיהו האָט געטענהט: „איך בין נאָך אַ ייִנגל״. (ירמיהו א׳, ו).

יחזקאל האָט זיך אין גאַנצן אָפגעזאָגט אָנצונעמען גאָטס שליחות. גאָט האָט צו אים געדאַרפט רעדן האַרבע רייד, זאָגן צו אים, אַז ער, גאָט, האַלט אים פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יידישע זינד — ערשט דעמאָלט האָט יחזקאל איינגעוויליקט צו ווערן אַ נביא (6).

אויך יידן, אפשר בלויז אַ טייל פון זיי, האָבן ניט גערן אָנגענומען דעם עול פון גאָט, דעם יאָך פון אַנדערשקייט. עס זיינען דאָ צוויי מאמרים אין דער גמרא, וואָס דייטן אָן אויף אָט דעם געראַנגל, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם יידישן פאָלק. אַ טייל יידן האָבן טאַקע געוואָלט אָננעמען דעם יאָך פון גאָט און זיין תורה; אַן אַנדער טייל האָט ניט געוואָלט אָננעמען גאָטס שליחות. און אפשר האָבן אַלע יידן, אין זייער נייגיר אויפצונעמען די שליחות, דאָך זיך געשראָקן פאַר דער גרויסער התחייבות:

„האָט געדרשנט רב סמאי: ווען זיי האָבן געזאָגט: „מיר וועלן טאָן״ אײדער זיי האָבן געזאָגט: „מיר וועלן הערן״, זיינען געקומען זעקס הונדערט טויזנט מלאכי השרת און אָנגעטאָן יעדן יידן צוויי קרוינען: אַ קרוין פאַר „נעשה״ און אַ קרוין פאַר „נשמע״.

„און עס שטייט געשריבן: „און זיי זיינען געשטאַנען אונטערן באַרג״ (שמות י״ט, יז), דאָס לערנט אונדז, אַז גאָט האָט איבערגעבויגן דעם באַרג איבער זיי, ווי אַ האַלבע פאַס און האָט געזאָגט צו זיי: „אויב איר זייט מקבל די תורה, איז גוט, אַניט וועט דאָ זיין אייער קבורה״ (7).

ניט אַלע מאָל האָט דער טייל, וואָס האָט געוואָלט טראָגן גאָטס יאָך,

---

(6) איך באַהאַנדל דעם ענין באַריכות אין בוך: „אין די טעג פון די נביאים״, זז׳ 142, 143.

(7) מסכתא שבת, דף פ״ח, עמוד א.

געהאַט די אייבערהאַנט אין יידישן לעבן. דאָס פאָלק האָט זיך כסדר גע־ראַנגלט מיט זיך אַליין: יאָ ווערן, צי ניט ווערן גאָטס פאָלק? מיר זעען די ראַנגלעניש אין חומש. עס ווערט דאָרט איבערגעחזרט אויף אַלערליי נוסחאות: „אויב איר וועט זיך ניט צוהערן צו מיר”. דער גאַנצער ספר שופטים איז גע־שריבן געוואָרן מיט דער סכעמע, אַז יידן האָבן ניט געוואָלט גיין אין גאָטס וועגן, זיי האָבן געוואָלט זיין, ווי די פעלקער אַרום: אָבער ווי נאָר זיי האָבן געמאַכט דעם פּרואוו צו ווערן ווי די געצנדינערישע פעלקער אַרום זיי, זיי־נען די יידן געשטעלט געוואָרן אין דער סכנה צו ווערן אויס פאָלק.

צוויי מאָל אין תנ״ך איז דערמאָנט גאַנץ קלאָר, ווי יידן האָבן אָפן אַרויס־גערעדט, אַז זיי ווילן זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער, איין מאָל דירעקט און איין מאָל, אומדירעקט. דירעקט: די יידן האָבן געזאָגט צו שמואלן: „ניין, דווקא אַ מלך ווילן מיר זאָל זיין איבער אונדז, אַז מיר וועלן זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אונדזער מלך זאָל אונדז משפטן און זאָל אַרויסגיין פאָרויס אונדז און פירן אונדזערע מלחמות” (שמואל א׳, י״ט), אַ צווייט מאָל הערן מיר די זעלביקע רייד פון יחזקאלס מויל: „און דאָס וואָס עס קומט אייך אויפן זינען וועט קיין מאָל ניט זיין; וואָס איר זאָגט: מיר וועלן זיין ווי אַלע פעל־קער, אַזוי ווי די משפחות פון די לענדער צו דינען האָלץ און שטיין. אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט, דער האַר, אויב ניט מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם וועל איך קעניגן איבער אייך” (יחזקאל כ׳, לב, לג).

אַן אָפּקלאַנג פון די סענטימענטן פון יענע יידן געפינען מיר אין אַ ליד פון אַ מאָדערנער דיכטערין:

„אל חנון,
קלייב אויס אַן אַנדער פאָלק
דערווייל —
מיר זיינען מיד פון שטאַרבן.
מיר האָבן קיין תפילות מער.
קלייב אויס אַן אַנדער פאָלק
דערווייל —
מיר האָבן ניט קיין בלוט מער
אויף צו זיין אַ קרבן.
אל חנון,
גיב פּראָסטע בגדים אונדז

פון פאַסטעכער פון שאָף,
פון שמידן ביי דעם האַמער;
פון וועש־וואַשער, פון פעל־שינדער
און נאָך מער געמיינס.
און נאָך איין חסד טו אונדז,
אל חנון:
נעם צו פון אונדז די שכינה פון גאונות (8).

צי די דיכטערין וואָלט טאַקע געוועז צופרידן ווען גאָט טוט מיט אונדז אַזאַ חסד און נעמט אָן איר פּאַטעטישע שטימונג, ווי אַ וועג־ווייזער פאַרן פאָלק ישראל, ווייס איך ניט. אָבער איך בין זיכער, אַז דאָס יידישע פאָלק, ווי אַ קאָלעקטיוו, וואָלט ניט מסכים געווען אויף אַזאַ גורל. יידן האָבן ניט געוואָלט זיין בלויז פאַסטעכער פון שאָף אָדער שינדער פון נבלות. ס׳איז דאָ אַ טיפער אמת אין די מיסטישע רייד פון מאַרטין בובער:

„מיט אַ ספּעציעלן חוש האָט ישראל דערשפּירט אַ באַשטימטע נייגונג אין זיין כאַראַקטער און האָט זי אָנגענומען ווי אַ באַפעל פון אויבן”.

אָבער יידן האָבן זיך לאַנג געראַנגלט ביז זיי האָבן אין זיך גובר געווען דעם נאַטירלעכן פאַרלאַנג פון „זיין ווי אַלע פעלקער”. ערשט נאָכן חורבן בית שני האָבן זיי באמת אָנגעהויבן צו גיין אויף דעם וועג, וואָס די נביאים האָבן אָנגעצייכנט, און ערשט הונדערטער און הונדערטער יאָרן שפּעטער האָבן זיי געשאַפן די אמתע אַפּאָליטישע געמיינדע: די קהילות פון מערב אייראָפּע און איבערהויפּט אין די שטעטלעך פון פוילן, רוסלאַנד און גאַליציע, וואו גאָטס קעניגרייך איז כמעט עטאַבלירט געוואָרן.

די נאַטירלעכע בענקשאַפט נאָך מלוכה־שטאָלץ און נאַציאָנאַלער זעלבסט־שטענדיקייט און גלוסטעניש נאָך פאַטערלאַנד האָבן יידן סובלימירט, אַריינגעשטעלט אין סידור און אָפּגעלייגט אויף אַ וויטן לעתיד לבוא, וואָס קען קומען און פאַרווירקלעכט ווערן יעדן טאָג, אָבער טאָר קיין מאָל ניט רעאַליזירט ווערן.

פון טאָג־טעגלעכן לעבן איז מלוכה, מדינה אין גאַנצן אַרויסגענומען געוואָרן.

אין רעטראָספּעקט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַט די שיטה צו זיין די ריכטיקע און די אמתע. יידן האָבן איבערגעלעבט די פעלקער, וואָס האָבן אַוועקגע־

(8) קאַדיאַ מאָלאָדאָווסקי: דער מלך דוד איז אַליין געבליבן, זז׳ 3 ביז 9.

שטעלט מלוכה און לאַנד אין צענטער פון זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און לעבן.

אָבער איצט איז אַ דריטער חורבן געקומען; אַ גייסטיקער און פיזישער חורבן, וואָס שטייגט אַריבער די ערשטע צוויי חורבנות. יידן האָבן מיט אַמאָל דערפילט, אַז פאַר זייער עקזיסטענץ איז ווידער נייטיק לאַנד און מלוכה, די ריכטונג „צו זיין ווי אַלע פעלקער פון דער ערד״ האָט געקראָגן די איי־בערהאַנט.

אין אָט דער צייט פון איבערבראָך איז כדאַי צו באַטראַכטן דעם וועג אויף וועלכן יידן זיינען געגאַנגען ביז איצט און זען צי מיר קענען זיך נעמען אויף אַ נייעם וועג. אויב יאָ, וואָס קענען זיין די רעזולטאַטן פון בייטן אונדזער וועלט־באַנעם און אונדזער נאַציאָנאַלן שטייגער־לעבן? ס׳איז נישט קיין פראַגע פון הסכמה אָדער קעגנערשאַפט. ס׳איז בלויז אַן אַנאַליז פון היסטאָרישע פאַקטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און אַ באַטראַכטונג פון די אומשטענדן, וואָס האָבן געבראַכט דעם איבערבראָך. די אויספירן זיינען בלויז אַ פּועל־יוצא פון דעם אַנאַליז און פון די באַטראַכטונגען.

## ב. די אָבות

דער אָנהייב פון דער יידישער אומה איז אַנדערש פון דעם אָנהייב פון אַלע אַנדערע אומות. ערשטנס, הייבט זיך אָן די יידישע געשיכטע מיט אַ מענטשן; צווייטנס, הייבט זי זיך ניט אָן אין אייגענעם לאַנד; דריטנס, איז דער ערשטער אָנזאָג צום ערשטן יידן געווען: וואַנדער אויס!

„די תקופה פון געטער״ איז אַ בשותפותדיקער גלויבן פון אַלע פעלקער, אַחוץ יידן. איבער גאַר דער וועלט האָבן פעלקער געגלייבט, אַז אין אָנהייב האָט גאָט, אָדער אַ מענטש, וואָס שטאַמט פון גאָט — האַלב־מענטש האַלב־גאָט — געגרינדעט זייער מלוכה. די ערשטע צייט האָט אָט די האַלב־מיטאָלאָגישע פיגור רעגירט און נאָך דעם האָט אָט דאָס געטלעכע געשטאַלט איבערגע־געבן די מלוכה צו זיינעם אַ זון אָדער קרוב און ער אַליין איז געוואָרן אַ גאַנ־צער גאָט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פעלקער איז די לעגענדע וועגן דער גרינ־דונג פון רוים. סילוויאַ, דאָס ווייב פון מאַרס, האָט געבוירן דעם צווילינג ראמולוס און רעמוס. זייער עלטער־פעטער האָט זיי אַריינגעלייגט אין אַ קאָ־רעטע און געלאָזן זיי שווימען אויף דעם טייך טיבער. די קאָרעטע איז גע־

בליבן שטעקן אין דער טיפער בלאָטע, וואָס איז געווען אַרום דעם טייך, אונטער אַ ווילדן פייגנבוים. אויף יענעם אָרט איז שפּעטער אויפגעשטאַנען די שטאָט רוים. אַ וואָלפיכע האָט געזויגן די צוויי ייִנגלעך און אַ האָלצהעקער האָט זיי געגעבן עסן. אַ פּאַסטעך מיטן נאָמען אקקא־לארינטשא האָט זיי אַדאָפּ־טירט און שפּעטער זיינען די צוויי ייִנגלעך געוואָרן די פירערס פון די קרי־געריש פּאַסטעכער. סוף־כל־סוף האָבן זיי באַזיגט דעם אוזורפּאַטאָר ראָמולוס און אים דערהרגעט. ווייער פאָטער איז צוריק געוואָרן קעניג. שפּעטער האָט אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן די צוויי ברידער און רעמוס איז געהרגעט גע־וואָרן. נאָך אַ סך מלחמות מיט קרובים און שכנים איז ראָמולוס געוואָרן קעניג. ער האָט געקעניגט ביז ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין אַ שטורעם. פון דעמאָלט אָן האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ גאָט און מען האָט געדינט צו אים אונטערן נאָמען קווירענוס.

איינגעוואָרצלטקייט אין דער ערד, צוגעבונדנקייט צום לאַנד — די מדינה איז דאָס געבוירן־אָרט פון דעם גאָט פון פאָלק — דאָס זיינען די הויפּט־כאַראַקטער־שטריכן פון אַלע פעלקער.

אַנדערש איז דער אָנהייב פון די יידן. אברהם איז בלויז אַ מענטש, סיי אין חומש און סיי אין מדרש־לעגענדע.

נאָך תרחס טויט, באַפעלט גאָט אברהמען אויסצוואַנדערן פון זיין היימלאַנד:

„און גאָט האָט געזאָגט צו אברמען: גיי אַוועק פון דיין לאַנד און פון דיין אָפּשטאַם און פון דיין פאָטערס הויז" (בראשית י"ב, א).

שוין אין דער ערשטער מעשה מיט דעם ערשטן יידן איז דאָ דאָס קערנדל פון דער צוקונפטיקער יידישער קאָנצעפּציע פון גאָט. יהוה איז ניט צוגעבונדן צום לאַנד. שוין גלייך אין אַרויסשפּראָץ פון דער יידישער אמונה איז דאָ אין איר אָן אויפרייס־קראַפט.

דער ציקל מעשיות וועגן אברהמען קען זיך זיין בלויז אַ זאַמלונג פון לעגענדעס, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן און געזאַמלט געוואָרן אין דער צייט פון דער צעטיילטער מלוכה אָדער אין גלות בבל. אָבער די צוזאַמענ־שטעלערס און רעדאַקטאָרן, אָדער דער צוזאַמענשטעלער־רעדאַקטאָר ווייזט אַרויס אַ גרויסן קינסטלערישן חוש; און זיין אָפּקלייב איז זיכער ניט קיין צופעליקער. ווען מען לייענט פאַרזיכטיק די אברהם־לעגענדעס זעט מען, אַז זיי זיינען ניט די געשיכטעס וועגן אַ יחיד אָדער אַ משפחה. ס'איז די קריסטאַ־ליזירונג פון דער דערפאַרונג פון דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק; אָדער די אידעאַלע אַנטוויקלונג, וואָס האָט געזאָלט זיין די

געשיכטע פון דער יידישער אומה. איין ביישפּיל: די מעשיות ווערן דערציילט פון אַ צייט, ווען די פּרימיטיווע שבטים פון דער וועלט האָבן געהאַלטן אין איין פירן מלחמות און דאָך איז ניטאָ אין די מעשיות קיין שילדערונגען פון אברהמס העלדישקייט, קריגערישקייט און נצחונות איבער די שכנים. אויך ווען גאָט באַפעלט אברהמען אויסצואוואַנדערן זאָגט ער אים ניט צו, אַז ער, אברהם, וועט באַזיגן מלכים און פאַרכאַפּן זייערע לענדער (9).

אמת, עס קאָן זיין, אַז די מעשה אברהם, די פאַקטישע, איז געווען גאָר אַנדערש ווי זי איז פאַרשריבן אין ספר בראשית. דער אור־פאָטער פון דער יידישער אומה איז דאָך ניט געקומען אין לאַנד אַליין, ווי אַן עלנטער וואַנדערער. ער האָט געהאַט „מיטבאַגלייטערס":

„און אברם האָט גענומען זיין ווייב שרי און זיין ברודערס זון, לוט, און זייער גאַנץ פאַרמעג, וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן, און די נפשות, וואָס זיי האָבן זיך פאַרשאַפט אין חרן און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען צו גיין אין לאַנד כנען; און זיי זיינען אָנגעקומען אין לאַנד כנען" (בראשית י"ב, ב).

טשיקאַווע איז דאָס לשון. עפּעס וויל דאָ דער פסוק באַטאָנען: „זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען צו גיין אין דעם לאַנד כנען און זיי זיינען (טאַקע) אָנגעקומען אין לאַנד כנען". ווי אַזוי זיינען זיי אָנגעקומען, פרידלעך? איז אברהם און אַלע זיינע נפשות, וואָס ער האָט זיך פאַרשאַפט, אַריינגעדרונגען אין לאַנד אָן אַ קאַמף?

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אברהם איז גאָר ניט געווען אַזאַ פרידלעכער פאַטריאַרך, ווי דער חומש שטעלט אים פאָר. אַן אָנדייט איז פאַראַן אין ספר בראשית, אַז אברהם האָט ניט נאָר אָנגעפירט אַ קאַמף מיט עטלעכע מלכים נאָר אַפילו די קעניגן פון כנען האָבן שטאַרק געהאַלטן פון זיין קריגערישן טאַלאַנט און זיי האָבן זיך געוואָלט מיט אים טיילן מיטן מלחמה־רויב (בראשית י"ד). וויכטיק איז אָבער, אַז דער דערציילער פון חומש. דאָס געוויסן פון יידישן פאָלק, ווי עס האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט שפּעטער, האָט פאַרגעשטעלט אברהמען ווי אַ פרידלעכן פאַטריאַרך, וואָס לעבט בשלום מיט די שכנים אַרום און ניט ער באַפאַלט עמעצן און ניט עמעצער באַפאַלט אים. (דער אידעאַל פון יידישן פאָלק צו לעבן אין פרידן מיט אַלעמען און די גאַנצע וועלט זאָל זיין פרידלעך). אויב ס'איז באמת ניט געווען אַזוי — האָט דער חומש דערציילט, ווי עס האָט באַדאַרפט זיין אין אַ גערעכט־איינגעשטעלטער וועלט.

---

(9) וועגן פאַציפיזם פון חומש בראשית זע:
Louis Finkelstein: The Pharises, Vol. I, p. 354.

גאָר אויפפאַלנדיק איז דער צוזאָג מכוח לאַנד, וואָס גאָט זאָגט צו אבֿרהמען. ער שיקט אים ניט דירעקט קיין כנען, און אין אָנהייב זאָגט ער אים ניט צו דאָס לאַנד:

„און גאָט האָט געזאָגט צו אבֿרמען: גיי אַוועק פון דיין לאַנד און פון דיין אָפּשטאַם און פון דיין פאָטערס הויז צו דעם לאַנד וואָס איך וועל דיר ווייזן״ (בראשית י״ב, א).

וואָסער לאַנד? דאָס זאָגט ניט גאָט.

און אַז אבֿרהם קומט שוין אָן אין כנען און קריגט אַ צוזאָג פון גאָט, אַז דאָס לאַנד וועט אים געגעבן ווערן, צווייפלט אבֿרהם. ער זעט אַרום זיך אַן איינגעזעסענע באַפעלקערונג, וואָס טראַכט ניט פון „אונטערגיין״ אָדער פאַרשווינדן, אָבער גאָט האַלט אים אין איין איינרעדן. און דאָ ווערט אַרויסגעבראַכט צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע דער משיח־געדאַנק — אַ צוזאָג אויף לעתיד לבוא.

„און ער האָט צו אים געזאָגט: איך בין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון אור כשדים, דיר צו געבן דאָס דאָזיקע לאַנד צו ירשענען. האָט ער געזאָגט: גאָט, דו האַר, מיט וואָס וועל איך וויסן, אַז איך וועל עס ירשענען?״ (בראשית ט״ו, ז, ח). הייסט אים גאָט נעמען אַ דריי־יאָריקע קו, אַ דריי־יאָריקע ציג און אַ דריי־יאָריקן ווידער און אַ טורטל־טויב און אַ יונגע טויב און זיי צעשניידן. דער צערעמאָניאַל פון ברענגען קרבנות ציט זיך אַ גאַנצן טאָג. גאָט וואַרפט אָן אַן אימה אויף אבֿרהמען. ער פאַרשפּרייט אַ פינצטערניש און אין דער פינצטערניש ווייזט זיך אָן אויוון מיט רויך, און אַ פלאַם־פייער גייט דורך די צעשניטענע קרבנות. גאָט באַווייזט זיך צו אבֿרהמען, שליסט מיט אים אַ בונד און גיט אים שוין אַן אַנדער צוזאָג — ניט ער, אבֿרהם, וועט ירשענען דאָס לאַנד, נאָר זיינע קינדס־קינדס־קינדס־קינדער, דער פערטער דור וועט ירשענען דאָס לאַנד. אָבער צוערשט וועלן זיי, די קינדער פון אבֿרהמען, זיין פאַרשקלאַפּט פיר הונדערט יאָר.

אבֿרהם צווייפלט שוין ניט. איצט איז ער טאַקע אַ פרעמדער אין זיין אייגן לאַנד, אָבער לעתיד לבוא וועט אַלץ זיין רעכט. דערפאַר טאַקע שטעלט זיך ניט אבֿרהם קעגן גאָט, ווען שרה שטאַרבט און ער, אבֿרהם, דאַרף באַצאָלן פאַר איר קבר גאַנצע פיר הונדערט זילבערנע שקלים. ער באַצאָלט גוט געלט פאַר דעם שטיקל ערד, אין זיין אייגן לאַנד, און צווייפלט ניט אין גאָטס הבטחה, ווייל אַ הבטחה אויף שפּעטער דאַרף איצט ניט געהאַלטן ווערן. זי גיט בטחון און גלויבן און מאַכט גרינגער דאָס לעבן.

יצחק לעבט אויך אויף הבטחות. גאָט זאָגט אים צו דאָס לאַנד (בראשית

כ״ו, א, ז). דערווייל איז ער אָבער אין זיין צוגעזאָגט לאַנד ניט זיכער, ניט מיט זיין פאַרמעגן און ניט מיט זיין ווייב.

יעקבס אָנהייב איז נאָך אָרעמער. ער אַנטלויפט פון דעם צוגעזאָגטן לאַנד. ער גייט אין גלות. אין בית־אל באַווייזט זיך צו אים גאָט אין חלום און ער זאָגט אים צו דאָס לאַנד — טאַקע אים אַליין און ניט זיינע קינדער. יעקב נעמט אויף דעם דאָזיקן צוזאָג אויך ווי אַ צוזאָג אויף שפּעטער, ווי אַ משיחישן צוזאָג. איצט שטעלט ער זיך צופרידן מיט גאָר, גאָר ווייניק.

„און יעקב האָט אַ נדר געטאָן אַזוי צו זאָגן: אויב גאָט וועט זיין מיט מיר און וועט מיך היטן אויף דעם דאָזיקן וועג, וואָס איך גיי אויף אים, און ער וועט מיר געבן ב״ויט צום עסן און אַ בגד אָנצוטאָן, און איך וועל זיך אומקערן בשלום צו מיין פאָטערס הויז, וועט יהוה זיין מיין גאָט״ (בראשית כ״ו, כ, כא, כב).

שפּעטער, ווען יעקב ווערט פּטור פון עשון, באַווייזט זיך גאָט ווידער צו אים און זאָגט אים צו דאָס לאַנד, דוכט זיך, שוין אין אַ גאָר קלאָרן צוזאָג. אָבער יעקב כאַפּט זיך ניט איינצונעמען דאָס לאַנד און פאַרפירן אַ מלחמה מיט די פרידלעכע איינוואוינערס. ער פאַרשטייט אַז דאָס איז אַלץ אויף לעתיד לבוא.

אויף דער עלטער וואַנדערט יעקב אויס קיין מצרים. גאָט באַווייזט זיך צו אים איידער ער פאַרלאָזט כנען. גאָט זאָגט אים צו, אַז ער וועט אים צו־ריקברענגען אַהיים. דער צוזאָג ווערט ניט מקוים — יעקב קערט זיך ניט אום קיין כנען. אָבער גאָר וויכטיק איז פאַר די בני ישראל דער ערשטער טייל פון צוזאָג:

„איך וועל אַראָפּנידערן מיט דיר קיין מצרים״ (בראשית מ״ו, ד): גאָט איז ניט צוגעבונדן צום לאַנד כנען. ער קען וואוינען מיט די בני־יעקב אויך אין גלות.

יעקב שטאַרבט טאַקע אין מצרים, אָבער מקבר זיין איז מען אים מקבר אין כנען. דער צובונד צום לאַנד ווערט דאָך אין גאַנצן ניט איבערגעריסן.

וואָס לערנען אונדז די מעשׂיות פון די אָבות? זיי לערנען אונדז, אַז לויט ווי יידן האָבן פאַרשטאַנען זייער אור־געשיכטע. האָט לאַנד ניט געשפּילט ביי זיי קיין גרונט־ראָלע. אין די לעגענדעס איז דאָ אַן אונטערשטראָם־גע־דאַנק, אַז אלהים איז ניט פאַרבונדן מיט קיין באַשטימט שטיקל ערד. גאָט וואָלט אין גאַנצן געוואָלט איגנאָרירן וואוין־אָרט און לאַנד, אָבער עס איז אוממעגלעך אויסצורייסן פון האַרצן פון דעם פּרימיטיוון מענטשן (און מאָ־דערנעם אויך) דאָס געפיל פון פאָטערלאַנד; ווערט דערפאַר דער באַגריף

„פּאַטערלאַנד" אין חומש בראשית פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסטראַקציע, אַ צוזאָג אויף שפּעטער — אַ משיחיסטישע האָפנונג, ווייל ניט לאַנד איז אין ברען־פּונקט פון די חומש־מעשיות, נאָר גאָט.

לויט דער לאָגיק פון די מעשיות אין בראשית, האָבן די בני־ישראל ניט געדאַרפט בלייבן אין מצרים נאָך דעם ווי דער הונגער איז פאַרביי. יעקב נידערט דאָך אַראָפּ אין מצרים בלויז צו זען זיך מיט יוספן. אָבער אין דער שפּעטערדיקער יידישער טראַדיציע ווערט מצרים דער ערשטער גלות. אין דער גמרא שטייט (10): „רבי יוחנן האָט געזאָגט: יעקב אָבינו האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן קי'ן מצרים געשמידט אין קייטן, (מאָכט רש"י: ווי אַלע וואָס ווערן פאַרטריבן אין גלות) נאָר ער האָט געהאַט אַ זכות". גלות־מצרים איז אַן אָפּשפּיגלונג פון גלות־בבל: יעקב, ווי די יידן שפּעטער אין בבל, נידערט אַראָפּ קיין מצרים און ער און זיינע קינדער בירגערן זיך דאָרט איין. אַזוי ווי די יידן אין גלות בבל האָבן געהאַט אַ הבטחה אויף גאולה, אַזוי קריגט יעקב אַ הבטחה (11) אויף גאולה: „און אַרויפברענגען וועל איך דיך אַרויפברענגען" (בראשית מ"ו, ד); אַזוי ווי די שכינה איז מיט די יידן אין גלות בבל, אַזוי נידערט אַראָפּ גאָט מיט יעקבן קיין מצרים: „איך וועל מיט דיר אַראָפּנידערן קיין מצרים" (דאָרט). וויבאַלד עס איז דאָ אַ הבטחה אויף גאולה און גאָט איז אין דעם נייעם וואוין־אָרט, איז דאָס בייע לאַנד מער ניט „אין דער פרעמד", נאָר גלות (12) און אין גלות פאַרלירט ניט קיין פאָלק זיין אידענטיטעט. אין גלות בבל, ווען די באַגריפן לאַנד און מלוכה האָבן פאַרלאָרן זייער ווירקונג צו פאַראייניקן דאָס צעפאַלענע פאָלק, האָט אַ נייער גייסטיקער באַגריף צעמענטירט דאָס פאָלק און אים צוגעגרייט צו גאולה. דאָס ערדישע פאָלק איז געוואָרן אַ גייסטיק פאָלק. אין מצרים איז די משפּחה בני־ישראל געוואָרן אַ פאָלק (13).

---

(10) מסכתא שבת, דף פ"ט, עמוד ב. (יעקב האָט געדאַרפט אָפּקומען גלות צוליב די זינד פון זיינע קינדער).

(11) וועגן דעם פסוק בראשית מ"ו, ד, זע: „זבח פסח" פון דון יצחק אברבנאל דעם פּאַראַגראַף „ברוך שומר הבטחתו", אויך International Biblical Commentary.

(12) וועגן דעם אונטערשיד פון „גלות" און „פרעמד", זע וויטער זז' 29, 30.

(13) זע הקדמה צו ישעיה, פירוש ש. ל. גרדון.

# ג. אָנהייב פון פאָלק

די יידן זיינען געווען אין קנעכטשאַפט הונדערטער יאָרן. סוף־כל־סוף באַווייזט זיך דער גואל. ער מוז שוין קומען מיט אַ קאָנקרעטן צוזאָג פון לאַנד. ער דאַרף דאָך זיי ניט נאָר אַרויסנעמען פון שקלאַפעריי, ער מוז זיי דאָך ערגעץ פירן. ווען משה האָט די ערשטע וויזיע, ווערט גאַנץ קלאָר באַ־טאָנט ניט נאָר גאולה נאָר אויך הבטחה פון לאַנד:

„גיי און דו זאָלסט איינזאַמלען די עלטסטע פון ישראל און דו זאָלסט זאָגן צו זיי: יהוה, דער גאָט פון אייערע עלטערן, דער גאָט פון אברהמען, פון יצחקן און פון יעקבן, האָט זיך באַוויזן צו מיר אַזוי צו זאָגן: דערמאָנען האָב איך זיך דערמאָנט אָן אייך און וואָס צו אייך ווערט געטאָן אין מצרים. און איך האָב געזאָגט: איך וועל אייך אַרויסברענגען פון דעם פיין פון מצרים אין דעם לאַנד פון דעם כנעני, און דעם חתי, און דעם אמורי, און דעם פריזי, און דעם חוי, און דעם יבוסי, אין דעם לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק" (שמות ג, טז, יז).

אמת, באַלד פאַרטושט דער דערציילער פון חומש דעם ענין לאַנד:

„און דו וועסט קומען, דו און די עלטסטע פון ישראל, צו דעם מלך פון מצרים און איר וועט זאָגן צו אים: יהוה, דער גאָט פון די עברים, האָט זיך געטראָפן פאַר אונדז, און אַצינד, מיר בעטן דיך: לאָז אונדז גיין דריי־טעג־וועגנס אין דער מדבר צו ברענגען קרבנות צו יהוה אונדזער גאָט". (שמות ג׳, יח).

דאָ ווערט שוין ניט דערמאָנט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, אָבער די פאַר־טושונג ווערט געטאָן פון דעם דערציילער, וואָס באַנעמט, אַז משה קען ניט אַרויסקומען פאַר פרעהן מיטן גאַנצן אמת. ער מוז רעדן מיט דיפּלאָמאַטיע צום הערשער פון מצרים. אין דער גאַנצער האַנדלונג פון משה מיט פרעהן איז דאָ אַ פיינע דיפּלאָמאַטישע דעליקאַטקייט. אָבער קלאָר איז דער צוזאָג פון יהוהן — יידן גייען אַרויס פון מצרים צו באַפאַלן כנען און ירשענען דאָס לאַנד.

אָבער דאָ ערשט מערקט זיך ווידער די אַנדערשקייט און אייגנאַרטיקייט פון יידן און יידישקייט. משה דער דערלייזער איז ניט קיין מאַגיקער, וואָס האָט אַרויסגעקראָגן סודות פון גאָט און צווינגט די געטלעכע מאַכט צו טאָן וואָס ער וויל. משה איז ניט קיין האַלבער גאָט. משה איז בלויז אַ שליח פון

יהוה(14). משה איז אַ מענטש אין גאָטס שליחות. ווען ער דאַרף ברענגען אַ מכה אויף פּרעהן מוז ער צוערשט תפילה טאָן צו גאָט. ווען ער דאַרף אָפּטאָן די מכה פון מצרים בעט ער ווידער גאָט. ער אַליין, אָן אַ כוח־הרשאה פון גאָט, קען גאָר ניט טאָן. אַזאַ דערלייזער קאָן ניט גרינדן קיין דינאַסטיע און קאָן אַוודאי ניט ווערן קיין גאָט ביי זיינע נאָכפאָלגערס.

אינטערעסאַנט איז ווי די חכמי התלמוד האָבן געוואָלט נאָך מער בולט מאַכן משהס מענטשלעכקייט. זיי באַנוגענען זיך ניט מיט די שוואַכקייטן, וואָס ווערן דערציילט וועגן אים אין חומש: ער פאָלגט ניט אַלע מאָל גאָט, האָט חתונה מיט אַ כושית, פאַרלירט שנעל ד׳אָס געדולד און ווערט גיך אין כעס. זיי גיבן צו גאָר אַ מענטשלעכן שטריך: „והביטו אחרי משה״ (שמות ל״ג). וואָס האָבן זיי אים נאָכגעקוקט? פרעגט די גמרא. זיי האָבן געזאָגט: „זע ווי פעט זיין קאַרק איז, ווי גראָב זיינע זייטן זיינען, אַלץ וואָס ער עסט און טרינקט איז יידיש האָב־און־גוטס״ (15) נאָך אַ מאמר פון גמרא: „מעולם לא עלה משה למרום״ (16) — משה איז קיינמאָל ניט אַרויף אויפן הימל. אין אַנדערע ווערטער: ער איז אַ מענטש ווי אַלע אַנדערע מענטשן. אמת, די יידישע לעגענדע דערציילט זייער אַ סך ווי נאָענט משה איז געווען צו גאָט, אָבער אין קיין אָרט האָט זי פון משהן ניט געמאַכט קיין האַלבן גאָט. משה איז אַלע מאָל אַ פּשוטער בשר־ודם. וויבאַלד, אַז משה איז געווען בלויז גאָטס שליח, קאָן די פירערשאַפט איבערגעגעבן ווערן צו יהושוען — צו אַ תלמיד.

ווען אַ פאָלק איז יונג און לאָזט זיך אַרויס באַזיגן אַ לאַנד און באַזיגט עס, בלייבן דאָך מעשׂיות פון גרויסע העלדישע אויפטואונגען אויף דעם שלאַכטפעלד. מסתמא זיינען אויך ביי די באַזיגער פון כנען אונטער יהושועס פירערשאַפט געשאַפן געוואָרן אַזעלכע מעשיות און לעגענדעס. עטלעכע גע־זאַנגען פון קריג און נצחון זיינען ביי אונדז געבליבן. יידן האָבן טאַקע אויפ־געהיט דעם ספר יהושוע, וואָס איז פול מיט גרויזאַמקייטן, ווייל זיי האָבן דאָך ניט געקאָנט פאַרשווייגן דעם מאָמענט פון כיבוש־הארץ. אָבער זיי האָבן דאָך ניט אויפגעהיט אַ סך היסטאָרישע ביכער, וואָס זיינען מסתמא געווען קריגע־רישע. ס׳זיינען „פאַרלאָרן״ געגאַנגען די ספרים „ספר מלחמות יהוה״ און

---

(14) יחזקאל קויפמן: תולדות האמונה הישראלית, כרך ד, ז׳ 90.

(15) מסכתא קדושין, דף ל״ג, עמוד ב; זע מדרש תנחומא: ווייל ס׳איז לגנאי, האָט די גמרא ניט געוואָלט איבערחזרן דעם מאמר בפירוש (זע רש״י אויף דער גמרא, דאָרט).

(16) מסכתא סוכה, דף ה, עמוד א.

דער „ספר הישר". דערפאַר איז ביי אונדז אָבער געבליבן „שופטים", וואו דער דערציילער ווייסט נאָר פון פאַרטיידיקונג־מלחמות.

עפּעס מערקווירדיקס איז געלעגן אין דער יידישער טבע, וואָס דאָס יידישע פאָלק, האָט זיך ניט געגרייסט מיט נצחונות, מיט העלדישקייטן אין מלחמה, גרויסקייט פון פירערס און אַמביציעס פון הערשערס, וואָס האָבן געזוכט אונטערצויאָכן פעלקער און לענדער:

„ער (גאָט) זאָגט ניט צו די קינדער פון ישראל, אַז ווען זיי וועלן זיך אויפפירן ווי געהעריק וועלן זיי פאַרשקלאָפן די זין און טעכטער פון זייערע שונאים; אַז זיי וועלן פאַרכאַפּן די גיטער פון זייערע פיינד; אַז זיי וועלן אַרויפטאָן אויף זייערע שכנים אַ יאָך ביז זיי וועלן פאַרטיליקט ווערן".

„די ברכות זיינען באַשיידן, איינגעהאַלטן אין די גרענעצן פון פריד־לעכן לעבן אין אייגן לאַנד, אָן אָנפאַלן אויף שונאים, אויף שכנים. ישראל וויל בלויז, אַז מען זאָל אים לאָזן צורו. אָבער ווען עס קומט צו שילטן, ווייסט דער חומש גאַנץ גוט פון אונטעריאָכונג, פון ראַבירן, פון פאַרשקלאָפן, פון פאַרכאַפּן זין און טעכטער, פון גנבענען, גזלענען פרעמד האָב־און־גוטס" (17).

ס'איז ווערט צו באַטאָנען, אַז נאָכן איינגעמען דאָס לאַנד איז ניט גע־בליבן קיין איבעריקער קאַמפּס־לוסט ביים פאָלק. די יידן האָבן בלויז גע־וואָלט, לויט די דערציילונגען פון שופטים, באַאַרבעטן דאָס לאַנד און לעבן רואיק. די אַרומיקע פעלקער האָבן אָבער ניט דערלאָזט, אַז יידן זאָלן פריד־לעך לעבן, און דאָס האָט אויפגעהאַלטן אַ קאַמפּסלוסטיקייט אין ישראל.

די ממשלה אין דער צייט פון די שופטים איז ניט געלעגן אין די הענט פון אַ קאַסטע, אָדער אַ משפּחה, וואָס האָט געקראָגן בירושה אַ ממשלה. די הערשאַפט איז געלעגן פון צייט צו צייט אין די הענט פון גייסטיקע פירער, וואָס זיינען פאַר דעם צוועק געשיקט געוואָרן פון גאָט. די פירער זיינען גע־ווען די נביאים אָדער נזירים, וואָס גאָטס גייסט האָט גערוט אויף זיי, כדי צו העלפן די יידן אין צייט פון נויט. (עמוס ב', ט, י, יא). ווען די ממשלה וואָלט געלעגן אין דער האַנט פון אַ קאַסטע כוהנים, אָדער משפּחה פון נביאים וואָלט זיך אַנטוויקלט אַ דעספּאָטיע, ניט קוקנדיק אויף גאָטס הערשאַפט — אויף דעם גרונט־פּרינציפּ פון טעאָקראַטיע. אַ שטאַרקע צענטראַלע רעגירונג מיט אַ דאַרשט נאָך הערשאַפט וואָלט פאַרוואַנדלט די ישראלים אין אַ מיליטערישפאָלק, וואָס וויל באַהערשן אַנדערע פעלקער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער קריגערישער גייסט ביי די יידן אין דער צייט פון דודן און

(17) אבא גאָרדין: מאַראַל אין יידישן לעבן, ז' 63 און 64.

שפּעטער אין דער צייט פון די חשמונאים, ווען אַ משפּחה פון כוהנים האָט אַריינגעקראָגן די מלוכה אין איר האַנט. אַ בעסערער ביישפּיל צו אילוסטרירן דעם טעזיס איז די קריגערישע מוחמד טעאָקראַטיע (18).

די הערשאַפט איז ניט איבערגעגאַנגען בירושה אין די צייטן פון די שופטים. גאָט איז געווען דער מושל און געשיקט „נביאים" אין צייט פון נויט. דאָס האָט פאַרהיט יידן פון גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון אַנדערע פעלקער. אָבער מען דאַרף אָננעמען, אַז עס זיינען געווען יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ פאַרלאַנג צו זיין ווי די פעלקער אַרום. אַן אָנדייט איז דאָ אין דעם פּרואוו פון אַבימלכן צו ווערן הערשער. יותמס שאַרפע רייד (שופטים ט׳) קעגן מלוכה איז טאַקע געווען דער הערשנדיקער גייסט, אָבער אַ סך יידן האָבן מיט אים ניט געהאַלטן און סוף־כל־סוף האָט די פּאָליטישע לאַגע אַרום ארץ־ישראל געצוואונגען די יידן אָנצונעמען מלוכה. עס איז געקומען די זאַלבונג פון שאולן פאַר מלך. מלוכה האָט זיך פאַרמאָסטן צו קריגן די איי־בערהאַנט.

## ד. מלוכה

אין די דערציילונגען אין ספר שמואל וועגן דער זאַלבונג פון שאולן שפּיגלען זיך אָפּ די צוויי טענדענצן און שטרעבונגען אין יידישן לעבן. איין נוסח גיט איבער די קעגנערשאַפט צו מלוכה בכלל.

„און די זאַך איז געווען שלעכט אין די אויגן פון שמואלן אַז זיי האָבן געזאָגט: גיב אונדז אַ מלך אונדז צו משפּטן" (שמואל א׳ ח׳, ו).

שמואל מאָלט זיי אָפּ די מלוכה אין די שוואַרצסטע פאַרבן. אָבער דאָס פאָלק זאָגט:

„ניין, דווקא אַ מלך מוז זיין איבער אונדז און מיר ווילן זיין ווי אַלע אַנ־דערע פעלקער. אונדזער מלך וועט אונדז משפּטן און ער וועט אַרויסגיין פאַרויס אונדז און ער וועט פירן אונדזערע מלחמות" (דאָרטן ח׳, יט, ח).

שמואל גיט זיך אונטער. גאָט זאָגט צו אים:

„ניט דיך האָבן זיי פאַרמיאוסט, נאָר מיך האָבן זיי פאַרמיאוסט פון צו קעניגן אויף זיי" (דאָרט ח׳ כב).

דאָס איז איין נוסח. דער אַנדערער נוסח איז, אַז שמואל האָט זיך ניט

---

(18) וועגן דער שופטים-עפּאָכע זע יחזקאל קויפמן: תולדות האמונה הישראלית, כרך ראשון, ספר שלישי, זז׳ 676 ביז 701.

געשטעלט אַנטקעגן מלוכה. פאַרקערט גאָר, גאָט האָט געהייסן שמואלן ער זאָל זאַלבן שאולן, ווייל ער וועט העלפן די יידן, ער וועט זיי ראַטעווען פון די הענט פון די פלישתים:

„און גאָט האָט אַנטפּלעקט שמואלס אויער אַ טאָג איידער שאול איז געקומען, אַזוי צו זאָגן: „מאָרגן אין דער צייט וועל איך צושיקן צו דיר אַ מאַן פון לאַנד בנימין און דו זאָלסט אים זאַלבן פאַר אַ פירשט איבער מיין פאָלק ישראל. ער וועט העלפן מיין פאָלק פון דער האַנט פון די פלישתים, וואָרים איך האָב באַמערקט מיין פאָלק, ווייל זייער געשריי איז אָנגעקומען צו מיר" (דאָרט ט', טו, טז). שפּעטער איז אויך דאָ אַ ווערסיע ווי שאול ווערט אויס־געקליבן על־פּי־גורל (דאָרט י"כ). ס'איז קלאָר, אַז ביי אַ טייל פון פאָלק, אין דער תקופה פון שמואל, איז מלוכה ניט נאָר ניט געווען קיין פאַרברעכן, נאָר פאַרקערט, דאָס גרינדן פון מלוכה איז געווען אַ גרויסער אויפטו (19), ווייל וויכטיק איז צו פאַרשטיין, אַז אַ פאָלק איז קיינמאָל ניט מעור אחד, עס זיינען דאָ אַלע מאָל אַלערליי שטרעבונגען, טענדענצן און גרופּירונגען. עס ווייזט אויס, אַז אין סוף פון שמואלס טעג איז די גרויסע מערהייט פון פאָלק געווען פאַר מלוכה. שאול איז דאָך געווען פון דעם קלענסטן שבט אין ישראל, און מיר הערן ניט פון קיין אויפשטאַנד קעגן דער מלוכה. יידן האָבן אָנגענו־מען די מלוכה ניט נאָר ווי אַ נויטווענדיקייט, נאָר ווי אַ ישועה.

מלוכה איז אָבער נאָך ניט געווען קיין איינגעבירגערטע אינסטיטוציע. ס'איז זייער וויכטיק, אַז פון שאולס צייטן זיינען ניט געבליבן קיין פאַרשרי־בענע העלדן־מעשיות. ס'איז דאָ אַ מעשה פון יונתנס מוטיקייט (שמואל א', י"ד), אָבער דאָס איז ניט קיין העראָאישע מעשה. ס'איז אַן עפּיזאָד פון דער גרויסער פאַרטיידיקונגס־מלחמה, וואָס יידן האָבן געפירט קעגן די פלישתים. עס זיינען אָבער געבליבן עטלעכע ווערסיעס פון אַ קאַמף צווישן שמואל הנביא און שאול המלך. מאָדנע איז, וואָס שמואל דער נביא איז דער אכזר און דער מלך שאול איז דער בעל רחמים. עס קומט אויס, ווי די נביאים האָבן מיט אַ כיוון געוואָלט פאַרמיאוסן די מלוכה אין די אויגן פון פאָלק און דער־פאַר האָבן זיי אויפגעוועקט דעם אַלטן נקמה־געפיל פון די יידן קעגן די עמלקים. בכלל איז אָבער בולט און קלאָר, אַז צווישן דעם ערשטן מלך און דעם נביא, וואָס האָט אים געזאַלבט, איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט. די נבואה האָט געוואָלט פאַרקלענערן און צונישט מאַכן די אויפשטייגנדיקע

(19) וועגן דעם ענין באריכות זע שמעון ברנפלד: מבוא ספרותי הסטורי לכתבי הקודש, כרך ראשון, זז' קעא ביז קעג, אויך דאָרט כרך שני, זז' סב און סג.

מאַכט. ס׳איז גאַר אַ גרויסע פראַגע צי די מעשה עמלק איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אָדער נאָר אַ מעשה צו מאַכן מער בולט דעם קאָנפליקט צווישן מלוכה און נבואה (20).

יידן האָבן פאַרזוכט מלוכה און זיי איז געפעלן געוואָרן צו זיין „ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אַז אונדזער מלך זאָל אונדז משפטן און אַרויסגיין פאַרויס אונדז און פירן אונדזערע מלחמות״. אָבער שאול דער ערשטער הערשער איז אין האַרצן נאָך אַלץ געווען דער ערד־אַרבעטער, דער פויער אויף זיין שטיק לאַנד. די אמתע פראַכט און גלאַנץ פון מלוכה איז געקומען שפּעטער מיט דודן. ער איז שוין געווען אַן אמתער קעניג. אין זיין הויף זיינען געווען אינטריגעס: אַ פרינץ פאַרגוואַלטיקט אַ פרינצעסין; איין פרינץ מאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן אַנדערן, דער יורש־עוצר וויל פאַרנעמען דעם טאַטנס קרוין ביי זיין לעבן — אַלע שיינע פירונגען פון די קעניגלעכע הויפן, „ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער״.

עס ווערט גאַר ניט דערציילט וועגן דעם ערשטן יידישן קעניגס יוגנט־יאָרן. אפשר איז ניט געווען וואָס צו דערציילן. שאול, דער ערשטער קעניג, איז געווען בלויז אַ מין הקדמה צום קעניגטום. די אמתע יידישע דינאַסטיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דודן, און דערפאַר איז שוין פאַראַן אַ דעטאַלע ביאָגראַפיע פון אים. דוד איז שוין געווען אַ העלד ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל. ער האָט, ווען ער איז נאָך געווען גאַר יונג, בייגעקומען דעם לייב און דעם בער. באַלד אין אָנהייב פון זיין קאַריערע הרגעט ער גליתן מיט אַ שליידער און אַ שטיינדל, אויף יעדן שריט און טריט גייט אים נאָך זיין לעבנס־ציילער.

וויכטיקער איז, וואָס אין ספר שמואל ווערט אויסגערעכנט אַ צעטל פון דודס העלדן: „דאָס זיינען די נעמען פון די גבור׳ים, וואָס דוד האָט געהאַט״ (שמואל ב, כ״ג, כח). פון די העלדן זיינען געבליבן מעשיות ניט נאָר פון זייערע אויפטואונגען אויפן שלאַכטפעלד, נאָר אויך פון זייערע פאַרמעסטן מיט אַנדערע גבורים „צוליב מאַכן אַ נאָמען״.

„און דריי פון די דרייסיק הויפּטלייט האָבן אַראָפּגענידערט און זיינען געקומען אין שניט־צייט צו דודן אין דער הייל פון עדולם, און די מחנה פון פלישתים האָט געלאַגערט אין טאָל רפאים. און דוד איז דעמאָלט געווען אין פעסטונג, און די וואַך פון די פלישתים איז דעמאָלט געווען אין בית־לחם.

(20) זע: International Biblical Commentary, Samuel, p. 130.

(דודס געבוירנאָרט). האָט דוד געגלוסט און ער האָט געזאָגט: ווער וועט מיר ברענגען אַ טרונק וואַסער פון דעם ברונעם פון בית־לחם, וואָס איז אין טויער? האָבן די דריי גבורים דורכגעשפּאָלטן דעם לאַגער פון די פלישתים און זיי האָבן אָנגעשעפּט וואַסער פון דעם ברונעם פון בית־לחם, וואָס אין טויער, און געבראַכט צו דודן. אָבער ער האָט ניט געוואָלט טרינקען דאָס וואַסער און ער האָט עס אויסגעגאָסן (ווי אַ קרבן) פאַר גאָט".

„און אבישי, יואבס ברודער, דער זון פון צרויה, ער איז געווען דער גרעסטער פון די דריי, און ער האָט אויפגעהויבן זיין שפּיז אויף דריי הונדערט און ער האָט זיי דערשלאָגן. און ער האָט געהאַט אַ שם צווישן די דריי".

„און בניהו, דער זון פון יהוידע, דער זון פון אַ העלדישן מאַן, גרויס אין אויפטואונגען, פון קבצאל, ער האָט דערשלאָגן די צוויי העלדן פון מואב, און ער האָט אַראָפּגענידערט און האָט דערשלאָגן אַ מצרישן מאַן, אַ העלד אַ מאַן, און אין דעם מצריס האַנט איז געווען אַ שפּיז, און ער (בניהו) האָט צו אים אַראָפּגענידערט מיט אַ רוט. האָט ער אַרויסגעריסן פון דעם מצריס האַנט די שפּיז און האָט אים דערהרגעט מיט זיין אייגענער שפּיז" (שמואל ב' כ"ג).

דאָס זיינען העלדישע מעשיות, וואָס זיינען גאָרניט כאַראַקטעריסטיש פאַרן תנ"ך. דאָס זיינען מעשיות פון העלדישקייט צוליב העלדישקייט; ניט קיין גבורה צו פאַרטיידיקן זיך אָדער צו גרייסן גאָטס נאָמען. דאָס זיינען מעשיות פון מענטשן, וואָס האָבן ליב צו שלאָגן זיך; מעשיות וואָס פאַר־הערלעכן פיזישן קאַמף; מעשיות וואָס דערציילן פון גבורה לשם גבורה, „צו מאַכן אַ נאָמען". שפּעטער וועלן מיר זען, ווי די יידישע חכמי־התלמוד האָבן זיך געמאַטערט מיט די מעשיות און זיי אויסגעטייטשט לויט זייערע עטישע השגות.

דוד איז געווען דער אמתער גרינדער פון מלוכה ביי יידן. ער איז גע־ווען די פאַרקערפּערונג פון מלוכה. דער שאַפער פון אַ מדינה, דער ערשטער פון אַ דינאַסטיע, וואָס האָט עקזיסטירט איבער צוויי טויזנט יאָר: מער ווי פיר הונדערט יאָר אין ארץ ישראל און קרוב צו זעכצן הונדערט יאָר אין גלות — ווי ריש גלותאס — עקזילארכן. קיין דינאַסטיע אין דער וועלט האָט אַזוי לאַנג ניט געדויערט. אין איר לאַנגער געשיכטע האָט די דוד־דינאַסטיע ניט געהאַט קעגן זיך קיין איין אויפשטאַנד פון אַ דרויסנדיקן טראָן־זוכער. אַפילו ירבעם האָט, לויט דער טראַדיציע, זיך ניט פאַרמאָסטן אויף שלמהס שטול. דער נביא אחיה האָט צוגעזאָגט ירבעמען ניט מער ווי צען שבטים.

ווען דוד האָט זיך איינגעפונדעוועט, איז די ווירקונג פון די נביאים גע־וואָרן שוואַכער אויף אַ צייט. די צוויי נביאים, נתן און גד, זיינען געווען ניט מער ווי הויף־נביאים. אַ סך בלוט האָט דער דערפאָלגרייכער קעניג פאַרגאָסן און איז קיינמאָל ניט געטאַדלט געוואָרן שטאַרק. צוויי מאָל האָט ער צוגע־נומען ווייבער פון אַנדערע מענער. ווען ער האָט צוגענומען אַביגילן פון נבלן האָט דער באַשרייבער פון דודס לעבן דעם ענין אין גאַנצן פאַרטושט. אָבער די מעשה בת־שבע איז געווען צו גראָב און צו גרויזאַם אַפילו פאַר דעם הויף־נביא אַז ער זאָל זי פאַרשווייגן. אָבער גאָר מילד איז די שטראָף אין פאַרגלייך מיטן פאַרברעכן. ווי דוד האָט נאָר הרטה ווערט אים די זינד פאַר־געבן, בלויז דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין זינד — שטאַרבט. בת־שבע בלייבט דעם קעניגס באַליבט ווייב און איר זון, שלמה, ירשנט דעם טראָן. ס׳איז כדאַי צו פאַרגלייכן די שטראָף מיט וועלכער דוד ווערט באַשטראָפט מיט דער שטראָף, וואָס אליהו זאָגט פאָרויס אחאבן פאַר זיין הרגענען נבותן פון יזרעאל.

אַלע מלכים האָבן געהאָט הויף־נביאים, וואָס זיינען געווען בלב ונפש פאַר מלך און מלוכה. אָט די נביאים זיינען בדרך־כלל פאַרצייכנט ווי די פאַלשע נביאים. די „אמתע נביאים״ זיינען אַלע מאָל געווען אויף דער וואַך צו געפינען חסרונות ביים מלך, ווייל דער ריינער מאָנאָטעאיזם שליסט אויס כמעט אַן ערדישן קעניג. אין תורת־משה פאַרנעמט די אינסטיטוציע־מלוכה גאָר אַ קנאַפּן אָרט. די געמיינדע איז אָרגאַניזירט לויט די שבטים און די עלטסטע פון די משפחות. אין ספר דברים איז דאָ אַ געזעץ, וואָס איז מתיר צו זאַלבן אַ מלך מיט באַשטימטע באַגרענעצונגען (דברים י״ז, יד, כ). אָבער די געזעצן פון חומש רעכענען זיך ניט מיט דער עקסיסטענץ פון מלך און מדינה־אַפּאַראַט. די אמתע נביאים האָבן שטאַרק באַטאָנט די פאָדערונגען פון דעם איין און איינציקן גאָט, דעם גאָט פון גערעכטיקייט; דער הייליקער פון ישראל געוועלטיקט מיט אַבסאָלוטער גערעכטיקייט אין גאַנצן באַ־שאַף און פאָדערט פון דעם מענטשן ניט בלויז קרבנות און געזאַנגען און תפילות, נאָר איבערהויפּט וויל ער רעכטפאַרטיקע אויפפירונג און יושר פון מענטש צו מענטש.

די גרויסע נביאים, די שריפט־נביאים, האָבן ניט געהאַלטן פון פיזישער מאַכט, פון פאַרזיכערונג אויף פעסטונגען, אויף רייטער, רייטוועגענער און אויף בונד מיט שכנישע פעלקער. די געוועלטיקונג פון גערעכטיקייט — דאָס איז געווען זייער מלוכה־אידעאַל.

די נביאים זיינען ניט געווען בפירוש קעגן מלוכה. זיי האָבן אָבער זיך

ניט צופרידנגעשטעלט בלויז מיט מלוכה. זיי האָבן געוואָלט מלוכה און דערצו נאָך עפּעס: אַ גערעכטע מלוכה. זיי האָבן קיינמאָל ניט באַקעמפט מלוכה, אָבער זיי האָבן געקעמפט קעגן ספּעציפישע מלכים און דער אומיושרדיקייט פון דער סעקולאַרער מלוכה. אָבער סוף־כל־סוף ווען דאָס ווערט אַנגעווענדט כמעט קעגן יעדן מלך איז עס דאָס זעלביקע, ווי באַקעמפן די עצם מלוכה. אמת, בלויז איין נביא — הושע — האָט געהאַלטן, אַז מלך און מלוכה זיינען אַ זינד קעגן גאָט (21), דאָך איז כדאַי צו באַטאָנען, אַז קיינער פון די שריפט־נביאים האָט ניט גערופן דעם מלך „משיח יהוה" — „דער געזאַלבטער פון גאָט", ווי די משוררים פון תהילים רופן אים. די נביאים רופן אים אדון, האַר, אָדער ביים ערשטן נאָמען, אָדער סתם קעניג, אַניט, „דער מאַן, וואָס האָט דיך געשיקט צו דיר" (22).

די נביאים האָבן זיך ניט געקענט שטעלן קעגן גאַנג פון געשיכטע און אָפּפרעגן מלוכה. דאָס וואָלט געווען אַ מין שטעלן זיך קעגן מענטשלעכער נאַטור. זיי האָבן אָבער געשטעלט אַזעלכע הויכע מאָראַלישע פאָדערונגען צו דער פירונג פון אַ מלוכה, אַז די אינסטיטוציע איז סוף־כל־סוף אונטערגעגראָבן געוואָרן אין איר עצם יסוד.

אַ סך פון די נביאים האָבן זיך געמישט אין די פּאָליטישע רודערייען פון זייער צייט. אַמאָל זיינען זיי געווען קעגן געוויסע פאַרבינדונגען, אָן אַנדערש מאָל — פאַר אָפּמאַכן מיט אַנדערע פעלקער. אַמאָל — קעגן אַן אויפשטאַנד, אַן אַנדערש מאָל — פאַר אַן אויפשטאַנד. אָבער ס'איז אַ טעות צו מיינען, אַז די נביאים זיינען געווען גרויסע דיפּלאָמאַטן, געניטע שטאַטסמענער, וואָס האָבן געקאָנט פאָרויסזען די צוקונפט. זיי זיינען אויך ניט געווען קיין „מאַנטיקער", וואָס האָבן פאָרויסגעזען דאָס פאַרהוילענע און דאָס ווייטע. זייערע פאָרויסזאָגונגען פון חורבן זיינען דאָך אַלע מאָל געווען מיט אַ תנאַי און געקאָנט ניט מקוים ווערן, אויב דאָס פאָלק וועט תשובה טאָן. דער נביא איז בעיקר געווען אַ שטראָפער. ער איז געווען אַ „זעער" בלויז אויף אַזוי פיל, וואָס ער האָט געזען, אַז עס איז דאָ איין און איינציקער גאָט, וואָס איז דער גאָט פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט און אומקאָמפּראָמיסלעכן יושר. אָט דער גאָט האָט געשלאָסן אַ בונד מיט ישראל צו זיין אַ הייליק פאָלק

(21) הושע ח׳, ד; י"ג, י, יא. זע ווי די מפרשים רד"ק און מצודת דוד טייטשן די פסוקים י"ג, י, יא. די מאָדערנע מפרשים מיינען, אַז הושע רעדט וועגן די מלכים פון זיין צייט בלויז. אָבער גערעכט זיינען די יידישע מפרשים, ווייל די פסוקים זיינען קלאָרער לויט זייער אויסטייטש.

(22) ישעיה ל"ז, ו; ל"ח, ח; מלכים ב׳ כ"ג טו, יח און נאָך.

אין אַ הייליק לאַנד. זי גאַנצע סעקולאַרע פּאָליטיק איז אַ סימן פון ניט־גלויבן, ניט־צוטרוי צו גאָט און אַ פאַרשוועכונג פון בונד צווישן גאָט און ישראל. דערפאַר ווען יידן פאַרלאָזן זיך אויף מלוכה־מאַכט, מוז קומען אַן אומגליק אויף זיי.

אָט די עקסטרעמע פאָדערונג פון נבואה האָט סוף־כל־סוף ניט צוגעלאָזן, אַז יידן זאָלן ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער און זיך באַרימען און שטאָלצירן מיט דער שווערד און מיט דער מאַכט פון מחנות־חיילות. אַ גרויסער טייל פון דער פאָלקס־ענערגיע, אפשר דער גרעסטער טייל, איז אַוועק צו זוכן דעם וועג צו גאָט, דעם גאָט פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט. מדינה, מלוכהשאַפט האָבן געמוזט דעריבער פאַרטונקלט ווערן.

אָבער ווען די אינסטיטוציע מלוכה האָט געהערשט ביי יידן, איז זי ניט געווען שענער און בעסער ווי ביי די אַנדערע פעלקער. די הייפן פון די יידישע מלכים זיינען געווען פול מיט אינטריגעס, פאַרשווערונגען און זנות. ניט געקוקט וואָס עס שטייט אין מלכים, אַז די יידישע קעניגן זיינען געווען מלכי חסד, זיינען פאָרגעקומען בלוטיקע הויף־רעוואָלוציעס און קיין ברעקל איינ־זעעניש האָבן די זיגערס ניט געהאַט מיט דער באַזיגטער דינאַסטיע. אַלע מאָל האָבן זיך הערשער אויפגעפירט מיט אַכזריות — סיי אין די צייטן פון די מלכים, סיי שפּעטער אין די צייטן פון די חשמונאים.

אויף וויפל יידן זיינען געווען ווי אַלע אַנדערע פעלקער איז זיי באַפאַלן דער זעלביקער גורל. זייער מלוכה איז צעשטערט געוואָרן און זיי זיינען פאַר־טריבן געוואָרן פון זייער לאַנד. יידן האָבן געדאַרפט פאַרשווינדן ווי אַלע אַנדערע אומות. אָבער די נביאישע וויזיעס האָבן עס ניט דערלאָזן. יידן זיינען צוגעגרייט געוואָרן פאַר גלות, און צוגעגרייט זיי איבערצולעבן דעם גלות האָבן די הבטחות אויף גאולה, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די נביאים.

## ה. גלות בבל און שיבת ציון

ווען מען טרייבט אַרויס אַ פאָלק פון זיין אייגן לאַנד, צעפאַלט זיך דאָס פאָלק און ווערט צעשטויבט. אויב עס איז שווער פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן צו לעבן אין דער פרעמד, אַרומגערינגלט פון אַ פרעמדער קולטור און ניט קיין אייגענעם לעבנס־שטייגער, על אחת כמה וכמה איז עס געווען שווער פאַר דעם פאַרצייטיקן יידן. פאַר דעם גלות־בבל איז צווישן יידן געווען פאַרשפּרייט דער גלויבן, אַז גאָט, לאַנד און פאָלק זיינען איינס: געקניפּט און געבונדן,

באַהעפט ניט צו פאַנאַנדערטיילן. דאָס פרעמדע לאַנד האָט מען געהאַלטן פאַר טמא, געהערט צו אַ פרעמדן גערץ און מען קען דאָרט ניט אָפּהיטן גאָטס געבאָטן. אַז מען ווערט פאַרטריבן פון אייגענעם לאַנד, ווערט מען פאַרטריבן פון באַהעפטן זיך אין גאָטס נחלה און ס'איז גלייך ווי מען באַפעלט דעם פאַרטריבענעם: גיי, דין פרעמדע געטער (שמואל א, כ״ו, יט).

דער גלויבן, אַז מען ווערט פאַרטריבן אין אַ פרעמד לאַנד, מיינט עס דער סוף פון דער אומה איז געווען ביי יידן אַ בשותפותדיקער גלויבן מיט אַלע פעלקער. דערפאַר, ווען אַ פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן האָט עס זיך געמוזט אויסמישן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אַזוי האָט פּאַסירט מיט די אַלע פעלקער פון יענער צייט און דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט דעם גרעסטן טייל פון די פאַרטריבענע צען שבטים, ווייל די יידן פון שומרון האָבן, ווי אַלע פעלקער פון דער וועלט, פאַרבונדן זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ מיט מדינה, מלוכה און לאַנד. ווען די אומה איז אויסגעריסן געוואָרן פון איר היימלאַנד און איז אַוועקגעטריבן געוואָרן אין דער פרעמד, האָט זיך איבערגעריסן איר נאַציאָנאַלער קיום און דאָס פאָלק האָט זיך אויסגעמישט מיט דער פרעמדער סביבה. גאָר אַנדערש האָט אויפגענומען דעם חורבן דאָס פאָלק פון יהודה. פון גלות שומרון ביזן חורבן פון ערשטן בית המקדש זיינען אַריבער קרוב הונדערט און פופציק יאָר. אין דער צייט האָבן געווירקט די שריפטנביאים. דער יידישער גאָט איז שוין מער ניט געווען צוגעבונדן צו לאַנד און הייליקטום. ער איז געוואָרן אַן אוניווערסאַלער גאָט, וואָס קען זיך באַווייזן אויף די ברעגן פון טייך כבר פונקט אַזוי ווי אויף די ברעגן פון ירדן. דערפאַר איז דאָס לאַנד וואוהין די בני יהודה זיינען פאַרטריבן געוואָרן ניט געווען קיין פרעמד לאַנד נאָר גלות־לאַנד.

אַ גאַנצער תהום ליגט צווישן די צוויי באַגריפן „פרעמד לאַנד" און „גלות לאַנד". ווען אַ פאָלק האַלט, אַז מען האָט אים פאַרטריבן אין אַ פרעמד לאַנד מיינט עס: ניט אומצוקערן זיך; גאָטס חסד האָט זיך אָפּגעטאָן פון פאָלק אויף אייביק. דער גאָט פון דער אומה איז אָדער שוואַכער פון דעם זיגרייכן פאָלק, אָדער ער האָט פאַרמיאוסט זיין פאָלק. אַנדערש איז ווען דאָס פאָלק גלייבט, אַז די שטראָף איז בלויז אַ צייטווייליקע. גאָטס חסד האָט זיך אָפּגעטאָן בלויז אויף אַ ווייל ביז דאָס פאָלק וועט תשובה טאָן, אָדער ביז גאָט וועט לויט זיין

(23) ביי די גרויסע נביאים איז ניטאָ דער אויסדרוק גרש ווען עס קומט צו גלות. דוד נוצט אויף זיין פאַרלאָזן דאָס לאַנד ישראל „כי גרשוני היום (שמואל א׳, כ״ו, יט); ווען יידן גייען אַרויס פון מצרים ווערט אָנגעווענדט

וועלט־פּלאַן אויסלייזן זיינע קינדער. ווען מען האָט אַזאַ אמונה אין גאָט ווערט דאָס פרעמדע לאַנד — וואוהין מען ווערט פאַרטריבן — גלות (23).

ווען אַ פאָלק גלייבט, אַז ער פאַרבלייבט אויף אייביק אין דער פרעמד, זוכט ער ניט איינצושטעלן קיין לעבנס־שטייגער און זוכט ניט קיין וועגן צו דינען זיין גאָט. אין גלות אָבער בלייבט מען די זעלביקע יידן. מען ווערט נאָך פרימער, גאָטספאַרכטיקער, מען וויל וואָס מער לייטזעליקייט געפינען אין די אויגן פון גאָט. מען וואַרט דאָך אויף זיין חסד, וואָס מוז קומען. דערפאַר ווערט אין גלות, בלי ערך, נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס אייגנאַרטיקע לעבן און מען דערוואַרט זיך נאָך מער פון הערשנדיקן פאָלק און מען לעבט אַן אָפּגעזונדערט לעבן.

דער געדאַנק פון מלוכה האָט געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן אין גלות. די וואָס האָבן געוואָלט זיין „ווי אַלע אַנדערע פעלקער" האָבן געמוזט שלום מאַכן מיטן גורל, אַז גלות מיינט אונטערגאַנג. שיבת ציון, גאולה האָט ניט געקענט טראָגן קיין נאַטירלעכן כאַראַקטער. כל־זמן אַ פאָלק איז אויפן אייגענעם לאַנד און האָט אַפילו נאָר אַ זכר פון אַ מלוכה, קאָן עס חלומען פון אויפשטאַנד, פון פאַרבינדן זיך מיט שכנישע פעלקער און האָפן אויף אַ גינסטיקער צייט, ווען עס וועט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם פרעמדן יאָך און ווערן צוריק זעלבשטענ־דיק. אָבער ווי קאָן אַ פאָלק מאַכן אַן אויפשטאַנד אין דער פרעמד? דערפאַר איז פאַר די יידן, וואָס האָבן ניט געגלייבט אין גאָטס הבטחות און געמיינט אַז זיי זיינען ווי אַלע אַנדערע פעלקער — פאַר זיי האָט גלות געמיינט אונטער־גאַנג. אָבער פאַר די אַלע יידן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז זיי זיינען אַנדערש פון אַלע אַנדערע אומות: יידן זיינען גאָטס קינדער, דער בונד וואָס איז צווישן גאָט און זיין פאָלק איז אויף אייביק און קאָן ניט צעשטערט ווערן — אָט פאַר אַזעלכע יידן איז גלות ניט געווען דער סוף פון דער אומה. די גאולה מוז קומען. יידן וועלן געלייטערט ווערן אין גלות און אָננעמען גאָטס געבאָטן און די צוקונפטיקע יידישע מלוכה וועט זיין אַנדערש פון אַלע אַנדערע מלוכות. גאָט אַליין וועט זי אויפשטעלן און ער וועט זיין איר מלך.

דער גלות האָט שטיפער צוזאַמענגעקניפּט די יידישע יחידים און ישובים. דער באַוואוסטזיין פון אויסדערוויילטקייט, די בשותפותדיקע נאַ־ציאָנאַלע האָפענונגען און די דערוואַרטונג פון גאולה זיינען געווען גורמים,

אויף זיי כי גרשו ממצרים (שמות י"ג, לט) זיי זיינען אַרויס ניט אומצוקערן זיך. די נביאים נוצן דעם אויסדרוק גלה, וואָס מיינט אַרויסגעטריבן ווערן, אָדער אַוועק־געטריבן ווערן ניט אויף אייביק. ישראל גלה יגלה מעל אדמתו (עמוס ז', יז) איז נאָר איין ביישפּיל.

וואָס האָבן געשטויסן צו שאַפן אַ נייעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט צונויפ־געבונדן דאָס פאָלק פונקט אַזוי שטאַרק ווי מלוכה און לאַנד. „גייסטיקע נאַ־ציאָנאַלע אחדות האָט פאַרנומען דעם אָרט פון ערדישער נאַציאָנאַלער אחדות. דאָס פאָלק ישראל איז געוואָרן א גייסטיקער באַגריף״ (25).

דערפאַר טאַקע איז אין גלות בבל געוועזן גאָר אַ גרויסער שיכט יידן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט די גאולה אין גאַנצן אַן איבערנאַטירלעכע. ניט נאָר וועט אין דער צוקונפטיקער מלוכה ניט זיין קיין מלך, נאָר אַפילו קיין בית־המקדש וועט ניט נייטיק זיין. די וועלט, דער גאַנצער אוניווערס וועט זיך באַנייען. די הימלען וועלן זיין אַנדערש, נייע. מענטשן וועלן לעבן לאַנג און אַז איינער וועט שטאַרבן צו הונדערט יאָר וועט עס זיין אַ סימן, אַז דער מענטש איז געשטאָרבן מיט אַ ניט־נאַטירלעכן טויט, ווייל ער איז געווען זינדיק (ישעיה ס״ה, יז, יח, כה, ס״ו, א, ב, ג).

אָבער דאָס זיינען געווען די עקסטרעמיסטן. די הערשנדיקע טענדענץ איז געווען אַ מין קאָמפּראָמיס: בית־המקדש, קרבנות, מלוכה, אַ מלך פון בית־דוד — די אויסערלעכקייטן וועלן בלייבן, אָבער דער עיקר וועט זיין: אַ פערזענלעך ריין לעבן. אַ נייעם בונד וועט גאָט שליסן מיט יהודה און ישראל. גאָטס תורה וועט זיין ביי יעדן איינעם איינגעקריצט אין האַרצן. אַלע וועלן דערקענען גאָט — פון קלענסטן ביזן גרעסטן. גאָטס נאָמען וועט זיין גע־גרייסט אין דער וועלט און די יידישע אומה וועט לעבן רואיק, אין פרידן און קיינער וועט זיי ניט שרעקן. קיינער וועט זיך ניט דערוועגן צו שטערן דעם פרידן פון דער וועלט.

---

שיבת ציון, אין דער צייט פון עזרא און נחמיה איז ניט געווען קיין פועל־יוצא פון רדיפות אויף יידן, פון שנאה פון גויים צו יידן. דאָס פאַרלאָזן בבל איז ניט געווען קיין אַנטלויפן פון שונאים און אונטערדריקערס. מיר ווייסן, אַז די יידן אין בבל האָבן געלעבט רואיק און זיכער און זיינען אין אַ קורצער צייט רייך געוואָרן און געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע השפעה אין לאַנד. זיי האָבן אויך געהאַט פולע אויטאָנאָמיע און איינגעאָרדנט זייער קהלשן לעבן לויט די פאַמיליעס נאָך (יוחסין) קיינער האָט זיי ניט געשטערט אויפ־צוהאַלטן זייערע אייגענע פאָרמעס פון פאַרוואַלטן די קהילות. זייער אומ־קערן זיך צוריק קיין ציון האָט געהאַט איין צוועק: דאָרט, אין ארץ ישראל

(24) ש. ל. גרדון: מבוא לכתבי הקודש ז׳ IV הקדמה צו ישעיה דעם צווייטן.

**וועלן זיי קענען דינען גאָט אויף אַ בעסערן אופן (25). זיי וועלן קענען צוריק אויפבויען דעם בית־המקדש, באַנייען די עבודה און אויספירן גאָטס מצוות.**

פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ פאָלק רעאָרגאַניזירט אַן אייגן לעבן אויף אַן אייגן לאַנד, קאָן עס ניט אויסקומען אין גאַנצן אָן סעקולאַרע פאָרמען פון מדינה. אָבער דאָס רעסטאַווורירן פון די מדינהשע אינסטיטוציעס איז ניט געווען דער עיקר פון שיבת ציון. ס'איז געווען בלויז דער פועל־יוצא פון דער גאולה.

**דער נס פון שיבת ציון האָט פאַרזיגלט דעם גורל פון יידן צו זיין אַנ־דערש פון אַלע אַנדערע פעלקער. אַפילו עס זאָל זיין, ווי פאָרשערס באַ־הויפטן, אַז כורש האָט אויך אומגעקערט צו זייער היימלאַנד ניט בלויז יידן, איז אָבער ביי יידן שיבת ציון געווען אַ קולמינאַציע פון אַלע פאַרויסזאָגונגען פון די נביאים. ביי ישראל איז שיבת ציון ניט געווען קיין צופעליקער טאָט פון אַ מלך חסד. פאַר די יידן איז געווען קלאָר, אַז די נצחונות פון כורשן זיינען געקומען בלויז, ווייל עס האָבן געדאַרפט פאַרווירקלעכט ווערן די נבואות פון ירמיהון, יחזקאלן און ישעיהון.**

**ווען יידן האָבן זיך אומגעקערט קיין ציון האָבן דאָך אַ סך פון זיי גע־מיינט, אַז זיי וועלן אָנהייבן אַ נאַציאָנאַל לעבן ווי פאַרן ערשטן חורבן. עס וועט ווידער רעסטאַווורירט ווערן דודס דינאַסטיע. דער פירער פון די ערשטע גולים, ווייזט אויס, איז געווען דער פרינץ זרובבל, אַן אייניקל פון קעניג יהויכין.**

**אָבער די גייסטיקע איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען איז גלות איז געווען טיפער, ווי עס האָט אויסגעזען אויבנאויף. ניט נאָר האָבן זיך די יידן אויסגעהיילט אין בבל פון דער מחלה פון געצנדינסט, נאָר די רייד פון יחזקאלן און די נבואות פון די אַנדערע נביאים, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן אין די בתי כנסיות, האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ גאָטס קעניגרייך.**

**מיר זעען טאַקע, אַז גאָר אין קורצן איז די דינאַסטיע פון דודן איבער־געריסן געוואָרן. דער נביא זכריה האָט אַרויפגעטאָן די גאָלדענע קרוין אויף דעם קאָפּ פון כוהן גדול, ניט אויפן קאָפּ פון פרינץ זרובבל (26). איך מיין,**

---

(25) יחזקאל קויפמן: גולה ונכר, כרך ראשון, ז' 176; דור דור ודורשיו מאת אייזיק הירש ווייס, הוצאת פלאַט ומנקום תרפ"ד, חלק ראשון, ז' 48; ש. ברנפלד: מבוא ספרותי הסטורי לכתבי הקודש, כרך רביעי, ז' ע"ו.

(26) וועגן דעם פאַרפלאָנטערטן ענין פון די צוויי קרוינען זיינען דאָ פאַר־שידענע און ווידערשפּרעכנדיקע מיינונגען און אַלערליי סברות. זע ש. ברנפלד: מבוא ספרותי, הסטורי לכתבי הקודש, כרך שני, ז' תצ"ח; יוסף קלוזנר: הרעיון המשיחי בישראל, תרפ"ז, ז' 118, און נאָך און נאָך.

**אַז עס איז געווען אַן אומבאַוואוסטזיניקע קעגנערשאַפט צו עצם מלוכה ביי די יידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון בבל און ביי די טויזנטער און טויזנטער גרים. זיי האָבן ניט געוואָלט צוריק אויפשטעלן די אַלטע מלוכה מיט אַלע אירע אומרעכטן און זינד. אמת, אין ספר זכריה איז ניט אין גאַנצן קלאָר פאַר וועמען האָבן די גולים געשיקט די קרוין.** אָבער וויבאַלד אַז אין ספר זכריה איז פאַרשריבן, אַז די קרוין זאָל אָנגעטאָן ווערן אויפן קאָפּ פון כהן גדול מיינט עס, אַז דאָס איז געבליבן די אָפּיציעלע הערשנדיקע מיינונג ביי דער כנסת ישראל. עס גלייבט זיך ניט, אַז בלויז צוליב פּאָליטישע טעמים און משפּחה־אינטריגעס איז זרובבל דערווייטערט געוואָרן. באמת, לויט דעם יידישן וועלט־באַנעם האָט זיך אַ קעניג גאָר ווייניק אַריינגעפּאַסט אין דער ראָם פון יידישן לעבן. **זינגט אַ משורר פון תהילים פון יענער צייט:**

**„גאָט בויט ירושלים,**
**די פאַרשטויסענע ישראל זאַמלט ער איין.**
**דער וואָס שיקט זיין אָנזאָג אויף דער ערד,**
**אויף גיך לויפט זיין וואָרט,**
**דער וואָס מאַכט שניי אַזוי ווי וואָל,**
**פראָסט ווי אַש טוט ער פאַרשפּרייטן,**
**ער וואַרפט זיין אייז ווי ברעקלעך,**
**ווער קען בײשטיין זיין קעלט?**
**ער שיקט זיין וואָרט און מאַכט זיי צעגיין,**
**ער בלאָזט זיין ווינט, רינען זיי ווי וואַסער.**
**ער זאָגט אַן זיינע ווערטער צו יעקבן,**
**זיינע געזעצן און געבאָטן צו ישראל,**
**ער האָט אַזוינס ניט געטאָן צו קיין פאָלק**
**און (פון אַזוינע) געזעצן ווייסן זיי ניט.**
**הללויה — לויבט גאָט. (תהילים קי״ז).**

**יהוה האָט זיי אויסגעלייזט. זיין האַנט הערשט איבער אַלץ. ישראל איז זיין באַליבט פאָלק. ער בויט ירושלים. ער זאַמלט איין די פאַרטריבענע. ווי פּאַסט זיך דאָ אַריין אַן ערדישער קעניג? (27).**

דאָס מיינט ניט, אַז אַלע יידן בפה אחד האָבן געוואָלט גאָטס מלוכה,

(27) זע: גרעץ געשיכטע, העברעיאיש פון שפ״ר, כרך ראשון, זז׳ פון 262 ביז 292.

און באַלד ווי די יידן האָבן זיך צוריקגעקערט פון בבל קיין ארץ ישראל — האָבן זיי שוין איינגעפירט גאָטס קעניגרייך. אַוודאי און אַוודאי זיינען געווען יידן, וואָס האָבן געחלומט פון אַן אמתער סעקולארער מלוכה אונטער דודס דינאַסטיע. און ס'איז קיין ספק ניט, אַז די וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון גלות (שבי הגולה) האָבן זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין. אין נייעם ישוב איז זיכער געווען אַ געמיש פון ביידע שטרעמונגען און טענדענצן. וויכטיק איז אָבער די אויסקריסטאַליזירונג פון יידישן לעבן: אין גלות, וואו אַ מלוכה האָט זיך ניט געקאָנט איינשטעלן און דאָס יידישע לעבן האָט געמוזט טראָגן אַ טעאָקראַטישן כאַראַקטער, האָבן די בני דוד געוועלטיקט ווי ריש גלותאס אָבער אין לאַנד ישראל, וואו הערשאַפט פון מלך וואָלט מסתמא געפירט יידן אויף די וועגן פון אַלע אַנדערע פעלקער, איז דודס דינאַסטיע אָפּגעשאַפט געוואָרן.

---

**באַלד נאָך דער צייט פון עזרא און נחמיה איז געקומען אַ גאַנץ רואיקע צייט פאַר יידן. אין יידישן לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן רעאַליזירן די אידעאַלן פון די נביאים.**

**ס'איז שווער צו זאָגן, צי דאָס לאַנד האָט אין גאַנצן גורם געווען צום אויפשטייגן פונעם נייעם לעבן.** זיכער איז, אַז דאָס אָפּגעזונדערטע לעבן פון יידן אין אַן אייגן לאַנד איז געווען מסוגל צו שאַפן נייע ווערטן. **אָבער דער גלות האָט זיי צוגעגרייט צו אַזאַ לעבן (28). די שעפערישקייט פון גלות טאָר ניט אונטערגעשאַצט ווערן. אַפילו לויט דער טראַדיציע נאָך איז גאָר אַ גרויסער טייל פון תנ"ך געשאַפן געוואָרן ניט אין ארץ ישראל. דער גאַנצער מהות**

---

(28) ש. ברנפלד: מבוא לכתבי הקודש, כרך רביעי, ז' עג: אלה שלא גלו לבבל ולא נעקרו מימיהם מאדמתם היו לבסוף תלושים בחייהם הלאומים מן הקרקע; ואלה שכנגדם, שגלו לבבל וחזרו לארץ ישראל, וכל ימי מלכות פרס היו קשורים ואחוזים בבני הגולה, דוקא אלה היו לבסוף לעקריים, ליסודות ההתפתחות הלאומות. הכל נעשה בימי בית שני ברוחם ועל פי השקפתם.

איבערזעצונג: די וואָס זיינען ניט פאַרטריבן געוואָרן פון בבל און זיינען קיינמאָל ניט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער ערד, זיינען סוף כל סוף געוואָרן אין זייער נאַציאָנאַלן לעבן אָפּגעריסן פון דער ערד. און פאַרקערט, די וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל און האָבן זיך אומגעקערט קיין ארץ ישראל, און דורך דער גאַנצער צייט פון מלכות פרס זיינען זיי געווען צוגעבונדן און צוגעקניפּט צו די גלות מענטשן, דווקא די זיינען געוואָרן דער עיקר פאַר די יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. אַלץ איז געטאָן געוואָרן, אין צייט פון בית שני, לויט זייער גייסט און לויט זייער שטאַנדפּונקט. ווי שטאַרק די ווירקונג פון גלות

פון יידישקייט אין אַבסטראַקט איז אויסגעקריסטאַליזירט געוואָרן אין גלות בבל. ס'איז אָבער אויך זיכער, אַז יידן האָבן ניט געקענט קאָנקרעטיזירן די אַלע אַבסטראַקציעס סיידן אויף אַן אייגן לאַנד, וואו זיי האָבן געקענט פירן אַן אָפּגעשלאָסן אייגן לעבן און ניט זיין אונטערגעוואָרפן אונטער די איינפלוסן פון טאָג־טעגלעכער פרעמדקייט. אָבער מען דאַרף פאַרשטיין, אַז נאָך פון פאַר דעם ערשטן חורבן האָט געווירקט אַ קעגנזייטיקער איינפלוס פון גלות אויף ארץ ישראל און פון ארץ ישראל אויפן גלות.

דער גרויסער סנהדרין, אב־בית־דין, אַנשי־כנסת־הגדולה, די סופרים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן — האָבן אין יענער צייט אָנגעהויבן איינצושטעלן דאָס יידישע לעבן אַזוי, אַז יידן זיינען באמת געוואָרן אַ הייליק פאָלק, אַן עם סגולה, וואָס לעבט מיט גאָטס וואָרט. די ערשטע און וויכטיקסטע רעפאָרמע איז געווען, וואָס זיי האָבן איינגעפירט פאַר די הייליקע ספרים דעם כתב אשורית, אַ שריפט, וואָס דאָס פאָלק איז געווען מיט אים גוט באַקאַנט און אים געקאָנט לייענען גרינג (די פריערדיקע שריפט איז געווען שווער און צוגענגלעך בלויז פאַר יחידי־סגולה). כדי צו באַנעמען די וויכטיקייט פון דעם אויפטו איז גענוג צו דערמאָנען, אַז די קאַטוילישע קירך האָט ניט דערלאָזן איבערזעצן דעם תנ"ך ביז גאָר ניט לאַנג צוריק. די קירך האָט געוואָלט, אַז דער תנ"ך זאָל בלייבן אַ פאַרשלאָסן בוך פאַר דעם פשוטן עולם. להבדיל דער גרויסער סנהדרין האָט געוואָלט דאָס פאַרקערטע. בייטן דעם אלף־בית איז דעמאָלט געווען דאָס זעלביקע, ווי איצט איבערזעצן דעם תנ"ך אויף אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך. דורך בייטן די שריפט זיינען „די תורה און די נביאים און די הייליקע ספרים געוואָרן דער קנין פון פאָלק" (29).

אין יענער צייט איז איינגעפירט געוואָרן צו לייענען טיילן פון דער

---

איז געווען באַווייזט דער מאמר פון גמרא: אמר ריש לקיש כשנשתכחה תורה מישראל עלה עזרא מבבל ויסדה, חזרה ונשתכחה עלה הלל הבבלי ויסדה (סוכה כ' ע"א) — ווען די תורה איז פאַרגעסן געוואָרן פון יידן איז געקומען עזרא פון בבל און האָט זי צוריק געגרינדעט, איז זי ווידער פאַרגעסן געוואָרן איז געקומען הלל דער בבלי און זי צוריק געגרינדעט. פון עזראן ביז הללן איז אַ קימא לן מער ווי פיר הונדערט יאָר. וועגן הלל הנשיאס ווירקונג זע: בן ציון כץ: פירושים צדוקים, קנאים, נוצרים, זז' 224—233.

(29) וועגן דעם ענין כתב אַשורית גייט אָן אַ גרויסע פלוגתא צווישן די געלערנטע. אָבער אין מסכתא סנהדרין, דף כ"א, עמוד ב', ווערט געזאָגט קלאָר: בתחילה ניתנה תורה לישראל בכתב עברי ולשון הקודש, חזרה וניתנה להם בימי עזרא בכתב אשורית ולשון ארמי. ביררו להן לישראל כתב אשורית ולשון הקודש והניחו להדיוטות כתב עברי ולשון ארמי. מאן הדיוטות אמר רב חסדאי: כותאי.

תורה פיר מאָל אַ וואָך — צוויי מאָל שבת און איין מאָל מאָנטיק און דאָנערשטיק — אין די צוויי מאַרק־טעג. ווען די פּויערים זיינען געקומען אין שטאָט אַריין. שבת האָט געקראָגן אַ רייכן צערעמאָניאַל; פרייטיק — קידוש און מוצאי שבת — הבדלה. דריי מאָל אַ טאָג האָט מען געדאַוונט. דאָס דאַוונען איז נאָך ניט געווען איינגעשטעלט אין איצטיקן נוסח, אָבער קריאת שמע און אַנדערע הויפּט־תפילות זיינען שוין פאַרפיקסירט געוואָרן. שפּעטער־צו האָט מען איינגעפירט צו לייענען די הפטורה שבת. דאָס זיינען געווען תקנות אײַבערהויפּט פאַר די שטעט פון אויסער ירושלים. אין דער הויפּטשטאָט אין בית־המקדש זיינען קרבנות געווען דער גרויסער עיקר.

„אַ רואיקייט, אַ שטילקייט איז פאַרשפּרייט אויף יענער גרויסער תקופה — אַ צייט־שניט פון קרוב צוויי הונדערט יאָר — פון נחמיהס צייטן ביזן סוף פון מלכות פּרס. אין יענע דורות האָט זיך די כנסת־ישראל איינגעפונדעוועט אין דער תורה און האָט זיך איינגעלעבט אין יידישע וועגן. פון יענער גאַנצער צייט איז אונדז ניט באַקאַנט קיין איין וויכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט איבערגעבויט דעם גאַנצן בנין פון יידישקייט — האָט אויפגעשטעלט דעם פּלאַן, וואָס איז געשטאַנען פעסט גאַנצע דריי טויזנט יאָר און קיין שטורעם האָט אים ניט געקאָנט צעשטערן. די תקופה איז די אָרעמסטע אין געשעענישן אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע. שרייבער פון געשיכטע האָבן ניט געפונען פאַר נייטיק צו פאַרשרייבן קיין איין „וויכטיקע" פּאַסירונג פון יענער צייט. די גאַנצע אַקטיוויטעט איז געווען אַן אינעווייניקסטע — צו פאַרפולקאָמען און צו פאַרגאַנצן דאָס יידישע לעבן. די סופרים, וואָס האָבן איבערגעבויט דאָס יידישע לעבן האָבן ניט געזען אין זייער אַרבעט עפּעס וואָס אויסערגעוויינטלעכס. אָבער מיר, וואָס שטייען אין אַ זייט, פון דרויסן, קאָנען איצט זען זייער גרויסן אויפטו. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך

---

איבערזעצונג: פריער איז די תורה געגעבן געוואָרן צו יידן אין שריפט עבֿרי און לשון קודש. אין דער צייט פון עזרא איז זי ווידער געגעבן געוואָרן צו זיי אין דעם אשור שריפט און אַראַמיש. די יידן האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן די אשור שריפט און לשון קודש און האָבן איבערגעלאָזן די עבֿרי שריפט און דעם אַראַמישן לשון צו די פּראָסטע לייט. ווער זיינען די פּראָסטע לייט? רב חסדאי האָט געזאָגט: דאָס מיינט מען די כותאים — די שומרונים.

דאָס וואָס די מטבעות פון דער חשמונאים דינאַסטיע האָבן אויפשריפטן אין דער אַלטער שריפט איז ניט קיין אָפּפרעג. אָט איז איצט, אין אַמעריקע, אַ לאַטייניש אויפשריפט אויף די זילבערנע מטבעות. חוץ דעם, מיינט אברהם מענעס, אַז די תקופה פון די חשמונאים איז געווען אַ סופּער פּאַטריאָטישע און ס'האָט געקאָנט זיין אַ צוריקקער צו אַלטע נאָרמעס. זע אויך וועגן דעם ענין אין פרושים, צדוקים, קנאים, נוצרים, מאת בן-ציון כץ, זז' 123, 124, אויך „דור דור ודורשיו", חלק ראשון ז' 59.

דעמאָלט ניט פאַרמאָסטן צו ווייזן העלדישע מעשים; יידן האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט מיליטערישע עקספּעדיציעס, אָדער געקראָגן אַמבי־ציעס צו באַזיגן לענדער און באַהערשן פעלקער. אַפילו פאַרטיידיקן זייער אייגן לאַנד האָבן זיי ניט געוואָלט. דאָס פאָלק האָט זיך פאַרנומען מיט פריד־לעכער באַשעפטיקונג. עס האָט באַאַרבעט זיין באָדן און פאַרשטאַרקט זיין תורה. עס זיינען מקויים געוואָרן יחזקאלס נביאות אויף אַ „לאַנד, וואָס איז אָפּגערוט פון שווערד פון פיינד, וואָס איז איינגעזאַמלט פון פיל לענדער; אַ לאַנד אַ רואיקס און באַזעצט פון אַ פאָלק, וואָס וויל שלום און שטרעבט צו רו" (יחזקאל ח). אַזאַ לאַנד און אַזאַ לעבן גיט ניט קיין צופיל שטאָף פאַר געשיכטע־שרייבער און פאַראינטערעסירט זיי ניט" (30).

מלוכה, הערשאַפט, מדינה, מלכות האָבן ניט פאַרנומען קיין פּלאַץ אין דעמאָלטיקן יידישן לעבן. דאָס יידישע לעבן איז פאַרטיפט געוואָרן, אָבער אין אַ גאַר היפשער מאָס פאַרגליווערט געוואָרן. די חשמונאים זיינען געקומען און דאָס גאַנצע יידישע לעבן האָט זיך געביטן. די יידן האָבן שיר, שיר ניט געשאַפן קיין גרויסע אימפּעריע, אָבער אין יידישן קערפּער האָט זיך אָנגע־קליבן געבנוג „סם", וואָס האָט ניט דערלאָזט יידן צו ווערן אַ גרויס מלוכה־פאָלק. יידן האָבן אויפגעגעסן זייער פּאָליטישע קלוגשאַפט (וואָס זיי האָבן קיין מאָל צו פיל ניט געהאַט). זיי האָבן אויפגעגעסן זייער מדינהשע גבורה, זיי האָבן אויסגעקליבן צו זיין הילפלאָז און דאָך שטאַרק. זיי האָבן אַוועקגע־שטעלט מענטשלעכע חשיבות אויף גאַר אַנדערע יסודות, אויף יסודות, וואָס זיינען געווען פרעמד צו די פעלקער אַרום. ניט פיזישע גבורה איז חשוב, נאָר גייסטיקע.

ס'איז מאָדנע, וואָס דווקא דער וועלט־באַנעם, וואָס האָט ניט שטאַרק גע־האַלטן פון פיזישער גבורה האָט מעגלעך געמאַכט דעם אויפשטאַנד פון די חשמונאים. ווען יידן וואָלטן געהאַט דרך ארץ פאַר ערדישער מאַכט וואָלטן זיי זיך ניט דערוועגט צו שטעלן זיך אַנטקעגן אַזאַ מעכטיקן קעניג ווי אַנטיוכוס עפּיפאַנעס. זיי וואָלטן זיך אונטערגעגעבן ווי אַנדערע פעלקער האָבן עס געטאָן. אָבער יידן האָבן זיך ניט געשטעלט אין אָנהייב פון דער חשמונאים עפּאָכע קעגן ממשלת־זרים — די הערשאַפט פון די פרעמדע, זיי האָבן געמאַכט דעם אויפ־שטאַנד קעגן ממשלת־זדים — די ממשלה פון די מוטוויליקע, די רשעים. יידן האָבן געזיגט. זיי האָבן געמוזט זיגן אָדער אונטערגיין.

ווען יידן האָבן געזיגט האָט אָנגעהויבן רעגירן די חשמונאים־דינאַסטיע.

(30) גרעץ געשיכטע — העברייאיש פון שפ"ר, חלק א', זז' 304, 305.

די קינדער פון מתתיהון, אַ פּראָסטן כּוהן, ניט פון גרויסן יחוס, זיינען געוואָרן די כּוהנים גדולים און די הערשער פון יהודה, ווייל זיי זיינען געווען די זיגערס. ווען די דינאַסטיע האָט זיך איינגעפונדעוועט האָט זי זיך פאַרנומען אויף דעם סעקולאַרן וועג פון אַלע הערשער פון דער וועלט. די ערשטע חשמונאים האָבן אפשר געהאַט די אַמביציע צו גרינדן אַ יידישע מלוכה, וואָס זאָל זיין בעסער פון אַלע מלוכות פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער ערד. ענדיקן האָט זיך די דינאַסטיע פּאַקטיש געענדיקט מיט דעם אדומי הורדוס — גאָר אַ מיאוסער סוף נאָך אַזאַ שיינעם חלום.

## ו. די חשמונאים

עס איז כדאַי צו באַטאָנען נאָך אַמאָל, אַז יידן זיינען די זעלביקע מענטשן ווי אַלע אַנדערע מענטשן. ווען ביי זיי זיינען אויפגעשטאַנען הערשער, זיינען זיי ניט געווען בעסער ווי די הערשער פון אַלע אַנדערע פעלקער. די יידישע מלכים, וואָס ווערן גערופן מלכי חסד (מלכים א, כ׳, לא) האָבן אַ סך בלוט פאַרגאָסן: געפירט מלחמות, אין זייערע הייפן זיינען אָנגעגאַנגען אינטריגעס, אָפּטע הייף־רעוואָלוציעס, אַפילו אַ זון איז אויפגעשטאַנען קעגן טאַטן און דער טאַטע האָט אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד. ווען אַ נייער הערשער האָט געקראָגן די מאַכט האָט ער אויסגעהרגעט די אַלטע דינאַסטיע. ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף צווישן צוויי ברידער פון איין טאַטן, האָט דער זיגער געהרגעט דעם ברודער. אין דער פּערסישער תקופה, ווען די כּוהנים גדולים זיינען געווען די פּאַקטישע הערשער פון פאָלק, זיינען אָט די גייסטיקע פירערס, וואָס האָבן געהאַט די מאַכט, ניט געווען בעסער איידער אַנדערע טיראַנען. איין ביישפּיל: אין דער צייט פון דער פּערסישער הערשאַפט, ווען דער סריס באַגעזעס איז געווען דער פּאַקטישער הערשער, האָבן זיך די צוויי ברידער, יושע און יונתן אָנגעהויבן אַרומצוקריגן איבער דער כהונה גדולה. דער סוף איז געווען, אַז יונתן האָט דערמאָרדעט יושען אין דער עזרה פון בית־המקדש. באַגעזעס האָט נקמה גענומען פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז מסתמא געווען גאָט די נשמה שולדיק, און פאַרשוועכט דעם בית־המקדש.

די הערשער פון בית־חשמונאים האָבן זיך ניט בעסער אויפגעפירט, ווי נאָר זיי האָבן פאַרזוכט מאַכט און רום. אַ מדינה פאָדערט אירע קרבנות; אַ פּאָליטיש שטאַט־לעבן ברענגט אַרויס גייציקע הערשערס און מאַכט־זוכערס. וויפל דאָס פאָלק זאָל ניט וועלן לעבן פרידלעך און רואיק און אָנציי־

כּענען זיך אַ געטלעכן וועג, קאָן עס ניט גיין אויף דעם וועג, ווייל מדינה האָט איר אייגענע לאָגיק.

דער חשמונאים־אויפשטאַנד האָט זיך ניט אָנגעהויבן ווייל יידן האָבן געגומען זוכן מאַכט, הערשאַפט אָדער אַפילו זעלבסטשטענדיקייט. אָנגעהויבן האָט זיך דער אויפשטאַנד אויפן עכט יידישן שטייגער — אַ קאַמף פאַר גאָט, אַ קאַמף פאַרן אייגענעם וועג פון לעבן; אַן אויפשטאַנד קעגן דער פאַרהאַס־טער געצנדינעריי.

אַנטיוכוס האָט געקענט מאַכן אַ סוף צום אויפשטאַנד זייער גרינג. ער האָט בלויז געדאַרפט אָפּשטעלן די רדיפות קעגן דער יידישער אמונה. דעם קאַמף קעגן דעספּאָט האָבן ניט אויפגעהויבן די אַריסטאָקראַטן, די הערשער פון פאָלק, אויך ניט די מיליטערישע פירער. אַרויסגעטראָטן קעגן אַנטיוכוסן איז אַרויסגעטראָטן אַ פּשוטער פרומער כּוהן, אַ מענטש פון פאָלק. מען קאָן זאָגן אַז דאָס פאָלק האָט אין זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל גייסטיקע און הייליקע גבורה, אַז עס האָט ניט געקענט ווערן ווי אַלע פעלקער אַרום. אָדער עס האָט געמוזט זיגן, אָניט האָט עס בעסער געוואָלט אונטערגיין.

די חשמונאים האָבן געזיגט מיט דעם כּוח פון די „חסידים“ — די גוטע, פרומע, גאָטספאָרכטיקע פון פאָלק — די פאָרלויפערס פון די פּרושים. דער כּוח פון די חסידים איז בעצם ניט געווען קיין מיליטערישער. זייער גייסטיקע גבורה האָט זיך בלויז צייטווייליק פאַרקערפּערט אין פיזישער מאַכט. און ווייל די חסידים האָבן ניט געהאַלטן פון מאַכט, האָבן זיי ניט געקאָנט ווערן דער אָנהייב, דאָס קערנדל, פון וועלכן ס'האָט געקאָנט אַרויסוואַקסן אַ קלאַס קריגערס. מענטשן וואָס קעמפן מיט אַ תּנאי, קאָנען ניט ווערן קיין שטענדיקע גוטע זעלנערס. און אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט. ווי נאָר די סכּנה איז אַריבער האָבן זיך די „חסידים“ אָפּגעטרייסלט פון די חשמונאים. אָבער קעגן זייער אייגענעם ווילן איז מיט דעם זיג, וואָס די חסידים האָבן געהאָלפן ברענגען, אויפגעקומען אַ דינאַסטיע, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו גרינדן אַ מלוכה, אַ סע־קולאַרע מלוכה, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער.

אַ גוטער ביישפּיל ווי די חסידים האָבן זיך באַצויגן צום קאַמף איז די פּראָבלעם שבת. אין אָנהייב האָבן זיי זיך אין גאַנצן אָפּגעזאָגט צו קעמפן אום שבת. ווען זיי האָבן דערזען, אַז דאָס מיינט ממש זעלבסטמאָרד האָבן זיי מתּיר געווען צו שטעלן זיך קעגן שונא אום שבת. אָבער ביי יידן איז דער קאַמף פאַר מלוכה, אָדער אַפילו די עקסיסטענץ פון מלוכה ניט געווען אַזוי וויכטיק, אַז עס זאָל אין גאַנצן פאַרטונקלען אַ מצווה, איבערהויפּט אַזאַ עיקר־מצווה ווי שבת. עס זיינען געבליבן אין גמרא אַ סך שטעלן וועגן דעם ענין, וואָס וואַרפן

זייער אַן אינטערעסאַנט ליכט אויף דעם גייסטיקן מהות פון די חסידים, די שפּעטערדיקע פּרושים. עס שטייט אין משנה: „כל היוצאים להציל חוזרין למקומם" — די וואָס גייען אַרויס אום שבת צו ראַטעווען יידן, מעגן זיך אומ־קערן צוריק אין שטאָט אַריין מיט זייערע כלי־זיין. דערקלערט די גמרא: אַמאָל פלעגן זיי לאָזן דאָס געווער לעבן מויער פון שטאָט, האָט געטראָפן, אַז די פיינט האָבן עס אויסגעפונען און זיי נאָכגעיאָגט. זיינען יידן אַריין נעמען די כלי־זיין. די שונאים — נאָך זיי. אין דער ענגשאַפט האָבן זיי געטייט אייגע די אַנדערע מער וויפל די שונאים האָבן זיי געטייט. דעמאָלט האָט מען מתקן געווען, אַ מען מעג צוריקברענגען דאָס כלי־זיין מיט זיך (31).

די גמרא זאָגט ווייטער, אַז רבי יהודה פסקנט: ווען שונאים מיט כלי־זיין אין די הענט באַפאַלן אַ שטעטל און פאָדערן געלט איז אויב די שונאים קומען נאָר וועגן עסקי־ממנות —- טאָר מען ניט מחלל־שבת־זיין און שטעלן זיך מיט געווער אַנטקעגן זיי. אָבער ווען די שונאים קומען וועגן עסקי־נפשות, אַטאַקירן צו הרגענען, אָדער פאָדערן א נפש, מעג מען זיך שטעלן מיט גע־ווער קעגן זיי אום שבת. אין דער זעלביקער סוגיא איז דאָ אַ גאַנצע שקלא וטריא וועגן שטעטלעך נאָענט צו דעם גרענעץ און שטעטלעך ווייט פון גרע־נעץ. עס זיינען ניט וויכטיק די שלוסן; וויכטיק איז די עצם־חקירה וועגן אַזאַ ענין. דאָס באַווייזט דעם אייגנאַרטיקן יידישן קוק אויף קאַמף, אַנגריף און מלחמה.

אַרום הונדערט יאָר נאָכן אויפשטאַנד פון די חשמונאים, האָט פּאָמפּיי באַלאַגערט ירושלים. די שטאָט האָט געקאָנט גאַנץ לאַנג אויסהאַלטן. אָבער דאָ איז ווידער אויפגעשוואומען די פראַגע פון שבת. אמת, יידן מעגן קעמפן אום שבת, אָבער ווען? צו פאַרטיידיקן לעבנס. אָבער די זעלנערס פון פּאָמפּיי ברעכן דאָך בלויז די הענט פון דער פעסטונג פון שטאָט. אָפּשטעלן די באַ־לאַגערונג־מאַשינען איז חילול־שבת! (32) ווי קענען אַזעלכע מענטשן אויפ־האַלטן אַ מלוכה, ווען אַפילו לפנים זיינען זיי ווי אַלע מענטשן און שטאַלצירן מיט זייער מלך, מלוכה און הויפּט־שטאָט?

ווען די חשמונאים־דינאַסטיע האָט זיך איינגעפונדעוועט איז געווען נאַ־טירלעך, אַז זי זאָל גיין אויף די וועגן פון אַלע אַנדערע מלוכות. די חשמונאים־הערשער האָבן אונטערדריקט די שכנישע פעלקער. ווען אַלעקסאַנדער ינאי האָט באַזיגט גאזא האָט ער אויסגעהרגעט די חשובסטע מענטשן אין שטאָט

---

(31) מסכתא ערובין דף מד עמוד ב און דף מה אָנהייב עמוד א; זע: הדואר, גליון היובל, סיון תש"ז, עמוד 812: הרב פדרבוש, השיטה המדעית בתלמוד.

און די שרעק, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפן אויף דער באַפעלקערונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ סך מענער פון דער שטאָט האָבן געקוילעט זייערע ווייבער און קינדער, כדי זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין יידישער קנעכטשאַפט (33). די יידן האָבן חרוב געמאַכט דעם טעמפּל פון די שומרונים און יודאַאיזירט די אדומים — געצוואונגען זיי מיט דער שווערד אָנצונעמען יידישקייט.

די חשמונאים־הערשער האָבן אויך ניט געשאָנעוועט די אייגענע ברי־דער־יידן. אַלכסנדר ינאי האָט איינמאָל, ווען ער האָט געהאַט אַ צוזאַמענ־שטויס מיטן פאָלק, אויסגעהרגעט זעקס טויזנט יידן טאַקע אין דער עזרה פון בית־המקדש. ברודער האָט געקעמפט קעגן ברודער פאַרן טראָן. די אויפפירונג פון די הערשער, סיי פון די מלכים, סיי פון די כוהנים גדולים איז געווען אַמאָראַליש. די יידישע מושלים זיינען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דער פרעמדער גריכישער קולטור, נאָכגעמאַכט די מעכטיקע פעלקער, פאַרגעסן יידישע מידות און יידישע צניעות.

אָט איז אַ קורצע און שאַרפע באַשרייבונג פון דער חשמונאים־די־נאַסטיע:

„דאָס לעבן פון הויף (פון די חשמונאים־הערשער) איז געווען געבויט לויט דעם מוסטער פון דעם לעבן פון די הויפן אין די העלעניסטישע מלוכות. די חשמונאים, אין זייער פריוואַטן לעבן, זיינען געווען ווייט פון צניעות און זייער אויפפיר האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר יידישע כוהנים גדולים. און ס'איז קיין וואונדער ניט: די חשמונאים זיינען קודם־כל געווען זעלנערס, מיליטע־רישע פירערס. אַ סך צייט האָבן זיי אָוועקגעגעבן אויף מלחמה און דאָס לעבן אין לאַגער איז קיינמאָל ניט געווען און ניט געקאָנט זיין צניעותדיק און דרך־ארצדיק. די חשמונאים האָבן זיך אויפגעפירט ווי אַלע הערשערס פון זייער צייט: זיי האָבן געפּראַוועט גרויסע סעודות, גענומען קעפּס־ווייבער, האָבן גערודפט יענע מיטגלידער פון זייער אייגענער משפחה, וועמען זיי האָבן חושד געווען אין פּאָליטישער ניט־כשרות. שמעון איז געהרגעט געוואָרן דורך זיינע אייגענע קרובים אין צייט פון אַ באַנקעט, ווען ער און זיינע זין זיינען געווען שיכור. אַריסטובולוס האָט פאַרשפאַרט אין תפיסה זיין מאַמען און זיינע ברידער. די מאַמע איז דאָרט געשטאָרבן פון הונגער. וועגן אַלכסנדר ינאי ווערט דערציילט, אַז ער איז געזעסן און געפּראַוועט אַ סעודה אַרומגע־

(32) גרעץ געשיכטע, ענגליש, באַנד 2, ז' 65, 66. אויך זע:
Josephus: Antiquities of the Jews, Book 14, Chapter 4, paragraph 2 and 3.

(33) דאָרט, ז' 41; בוך 8, קאַפּיטל 8.

רינגלט מיט זיינע קעפּס־וווּיבער בעת די תליונים האָבן געקרייציקט זיינע באַ־זיגטע קעגנערס. ס'איז קיין ספק ניט, אַז די אַלע ידיעות, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען זיינען אַ היפּש ביסל איבערגעטריבן, אָבער אויב די איינצל־נע פאַקטן זיינען ניט אַלע אמת, אָבער דער עצם ענין שטימט זיכער מיט דער ווירקלעכקייט. די הערשאַפט פון די חשמונאים איז געווען אַ סעקולאַרע הער־שאַפט, אַזוי אַז דאָס לעבן אין הויף איז געווען אַ סעקולאַרס, וואָס איז ניט געשטאַנען העכער פון דעם לעבן אין הויף פון אַנטיוכיע אָדער אַנדערע מלכים אין קליין אַזיע". (34).

דאָס יידישע פאָלק אונטער דער ווירקונג פון די פּרושים איז געוואָרן הייליק און פרום, אָבער די צדוקים, וואָס האָבן געפירט די מלוכה זיינען געגאַנגען אויף אויסגעטראָטענע וועגן פון אַלע אַנדערע פעלקער. „די נאַציאָ־נאַלע אינטערעסן פון דער מלוכה האָבן זיי געשטעלט העכער פון גאָטס גע־באָט. אַ ברענענדיקער פּאַטריאָטיזם איז געווען זייער הויפּט־סענטימענט. פרומקייט האָט פאַרנומען דעם צווייטן פּלאַץ. ווי דערפאַרענע וועלטלעכע מענטשן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז די זעלבסטשטענדיקייט פון שטאָט קען ניט אויפגעהאַלטן ווערן דורך שטרענג אָפּהיטן אַלע רעליגיעזע געבאָטן און צע־רעמאָניעס, אָדער אויף פאַרלאָזן זיך בלויז אויף גאָט" (35).

יוחנן הורקונוס האָט געפּרובירט מאַנעווורירן צווישן די צוויי פּאַרטייען און אָנהאַלטן אַ גלייכגעוויכט צווישן זיי. ער האָט זיינע דיפּלאָמאַטן און סאָל־דאַטן גענומען פון די צדוקים. אויף ציווילע אַמטן: ריכטער, רביים אין די בתי־ספר האָט ער באַשטימט פּרושים. אָבער ווי לאַנג קען אַזאַ לאַגע בלייבן סטאַטיש? איז טאַקע געקומען צו אַן אָפענעם ריס צווישן די רעגירער און די פּרושים, וואָס האָבן געהאַט די גרויסע מערהייט פון פאָלק אויף זייער צד. זעען מיר טאַקע אַ מערקווירדיקע דערשיינונג, וואָס איז אפשר די איינ־ציקע אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע: צווישן די זין פון אַלכסנדר ינאי האָט אויסגעבראָכן אַ ברודער־קריג, זיינען ביידע צדדים געקומען לאָדן זיך צום רוימישן הערשער, פּאָמפּעי. עס איז אָבער געקומען צו פּאָמפּעיען אַ דער־

---

(34) אביגדור צ'ריקוביר: היהודים והיונים בתקופה ההלניסטית, ז' 257.

(35) „בימי יונתן, וביחוד בימי שמעון, נצח הרעיון של עצמיות וקמה השאיפה: נהיה ככל העמים" — אין דער צייט פון יונתן, און איבערהויפּט אין דער צייט פון שמעונען, האָט געזיגט דער געדאַנק פון זעלבסטשטענדיקייט און ס'איז אויפגעקומען דער פאַרלאַנג צו זיין ווי אַלע פעלקער. (בן ציון כץ: פרושים, צדוקים, קנאים, נוצרים, ז' 195), אויך זע גרעץ געשיכטע, ענגליש, באַנד 2, ז' 21.

לעגאַציע פון אַ דריטן צד — פון די פרושים. די דעלעגאַציע האָט געטענהט, אַז מען דאַרף ניט ביידע הערשער. עס אַרט ניט די פרושים, אַז רוים זאָל הערשן איבער יהודה. צו וואָס דאַרפן זיין אַ יידישע דינאַסטיע, וואָס פירט זיך אויף מיט רשעות און ברודער קעמפט קעגן ברודער?

די פרושים און דאָס פאָלק מיט זיי זיינען ניט געווען קיין קעגנערס פון עצם מלוכה. זיי וואָלטן געוואָלט אַ קעניג און אַ מלוכה, אָבער זיי, אַט ווי די נביאים, האָבן געשטעלט אַזעלכע פאָדערונגען צו מלוכה, אַז זי האָט ניט געקענט עקסיסטירן. די פרושים האָבן געוואָלט אַ מלוכה ווי די נביאים האָבן זיי פאָרגעשטעלט: אַ גאָטס קעניגרייך. דער קעניג איז דער משיח יהוה, דער גאָטס־געזאַלבטער, וואָס דער ספר דברים דאַרף זיין דער וועגווייזער. „און (די תורה) זאָל זיין ביי אים, און ער זאָל לייענען דערפון אַלע טעג פון זיין לעבן, כדי ער זאָל לערנען מורא צו האָבן פאַר יהוה זיין גאָט, צו היטן אַלע רייד פון דער דאָזיקער תורה, און די דאָזיקע געזעצן זיי צו טאָן" (דברים י"ז, יט). אויב דער קעניג פירט זיך ניט אויף לויט דער תורה איז ער אַ רשע און איז ניט ראוי צו זיין מלך.

„די צדוקים האָבן געווירקט אין אַן אַנדער סביבה; דער וועג איז פאַר זיי אויסגעטראָטן געוואָרן פון די חשמונאים. עס איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז אַ „באַרבאַרישע" מדינה קאָן ווירקן אין לעבן פון יענער תקופה און זי וועט ניט צווינגען צו בייטן די נאַציאָנאַלע יסודות פון דעם עטישן באַנעם פון יידן. אמת, מדינה מוז אָנגעמען דאָס געשטאַלט פון אַ העלעניסטישער מדינה, אָבער נאָר די דרויסנדיקע פאָרמע, וואָס רירט ניט אָן דעם עצם קולטור־לעבן פון פאָלק. מען קאָן פאַראייניקן די צוויי זאַכן. און ווי עס ווייזט אויס איז דאָס געווען די פאָליטישע שיטה פון די צדוקים. זיי האָבן געהאָלפן צו אַנטוויקלען די סעקולאַרע יסודות פון דער יונגער מדינה און אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי דערקלערט תורת משה ווי דער פונדאַמענט־עקזיסטענץ פון פאָלק. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום די חשמונאים־מלכים, וואָס האָבן ניט מורא געהאַט צו רופן זיך „פילאָהעלעניסטן", און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געהאָלפן די מלכים צו האַלטן מלחמות מיט די גריכן און צו יודאַאיזירן ארץ־ישראל. זיי האָבן געוואָלט בויען אַ העלע־ניסטישע מדינה אויף אַ יידישן נאַציאָנאַלן יסוד".

„אָבער ס'איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. יידישקייט און העלעניזם זיינען געווען צוויי מעכטיקע כוחות אוז צו טיף אָריגינעל, אַז זיי זאָלן קענען קומען צו אַ פשרה אין איין לאַנד. ס'איז געווען אוממעגלעך צו בויען אַ הע־לעניסטישע מדינה און ניט אָפּפּלייקענען אינגאַנצן און בטל מאַכן די ירושלים־

דיקע טעאָקראַטיע. אַ יידישער כוהן גדול (און די חשמונאים זיינען אויך גע־וועזן כוהנים גדולים) האָט ניט געקאָנט זיין קיין העלעניסטישער קעניג. מען האָט געמוזט פאַנאַנדערשיידן די צוויי באַגריפן. דאָס האָט געטאָן הורדוס: ער האָט אָפּגעטיילט די מלוכה פון כהונה און האָט אויפגעבויט אַ העלעניס־טישע מדינה. אָבער זי איז ניט געשטאַנען אויף קיין נאַציאָנאַלן יסוד. די פרושים האָבן אויך געוואָלט אָפּטיילן די סעקולאַרע הערשאַפט פון רעליגיעזן לעבן. פון הורדוסעס צייטן אָן האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע טעטיקייט פון די חכמי המשנה — אָוועקצושטעלן דאָס פאָלקסלעבן אויף דעם שטאַרקן פונדאַמענט פון יידישער טראַדיציע. זיי האָבן געשאַפן דעם נאַציאָנאַלן פונ־דאַמענט, אָבער דאָס לעבן איז ניט געווען קיין מלוכה־לעבן" (36).

די פרושים זיינען געגאַנגען ווייטער: דער אידעאַלער צושטאַנד וואָלט געווען, ווען „די גאַנצע ערד זאָל זיין פול מיט גאָטס וויסן" און עס וואָלט ניט נויטיק געווען קיין מאַכט און הערשאַפט. אָבער פעלקער זיינען דאָ אויף דער וועלט און מען קאָן ניט אויסקומען אָן מלוכות. מען מוז האָבן אַ סעקולאַרע הערשאַפט, וואָס זאָל אָנוואַרפן אַ מורא אויף מענטשן, ווייל „אַזוי ווי די פיש אין ים, דער גרעסערער שלינגט איין דעם קלענערן, אַזוי וואָלט געווען מיט מענטשן; ווען ניט די שרעק פון מלכות וואָלט דער גרעסערער איינגעשלונ־גען דעם קלענערן". (37) וויבאַלד אַזוי, זאָל אויף דערווייל ליגן די סעקולאַרע הערשאַפט אין די הענט פון די פרעמדע, פון די גויים, און מיר יידן וועלן פאַר זיך איינפירן, אַט שוין איצט, גאָטס קעניגרייך. ס'איז בלויז אויף דער ווייל, ווייל סוף־כל־סוף וועט „די ערד ווערן פול מיט דער דערקענונג פון גאָט, ווי די וואַסערן באַדעקן דעם גרונט פון ים" (ישעיה י"א ט). דעמאָלט, לעתיד לבוא, וועט אויפשטיין דער אמתער מלך און אַ מלכות פון יושר און גערעכטיקייט וועט געגרינדעט ווערן.

די פרושים זיינען ניט אַרויסגעקומען אָפן קעגן מדינה און מלוכה. זיי האָבן אָבער אַזוי איינגעהאַמעוועט דאָס לעבן מיט מצוות און געבאָטן, באַ־טאָנט די וויכטיקייט פון קדושה און איבערגעוועלטיקייט פון גאָט, אַז קיין מלוכה אָדער זעלבסטשטענדיקע מדינה האָט פאַקטיש ניט געקאָנט עקסיסטירן. זיי האָבן נאָכגעפאָלגט די טאַקטיק פון נביאים. אויך די נביאים זיינען ניט אַרויסגעטראָטן קעגן מלוכה און קעגן מלכות. זיי האָבן זיך נאָר געשטעלט קעגן ספּעציפישע מלכים אָבער זעלטן קעגן מלוכה. אָבער דאָס וואָס די

(36) אביגדור צ'ריקובר: היהודים והיונים בתקופה ההלניסטית, ז' 268.
(37) מסכתא עבודה זרה, דף ד', עמוד ב'. זע אויך פרקי אבות פרק שלישי.

נביאים האָבן ניט געשטעלט דעם טראָפּ אויף מיליטערישער מאַכט: אויף רייטערס און רייטוועגענער, אויף פעסטונגען און דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונ־גען, נאָר אויף בטחון און גאָט — דאָס האָט שוין ממילא אונטערגעגראָבן די מדינה. דער נביא האָט ניט געקוקט אויף די פּאָליטישע געשעענישן פון דער וועלט פון שטאַנדפּונקט פון ניצלעכקייט פאַרן שטאָט, נאָר פון עטישן שטאַנדפּונקט. ווי פּאַסן זיך אַריין די געשעענישן אין געטלעכן פּלאַן פון יושר? לויט זייערע השגות איז אויסגעקומען, אַז אַ סעקולאַרע מדינה איז זינד, בגידה קעגן גאָט, צעשטערט דעם בונד וואָס יהוה האָט געשלאָסן מיט די יידן (38). פאַר די נביאים איז ניט געווען וויכטיק אויב זייערע פאָדערונגען זיינען ניט פּראַקטיש פאַר דער מדינה. די פּרושים זיינען געווען די אמתע יורשים פון די נביאים.

## ז. חורבן — אָבער קיום

שוין אין די צייטן פון פאַר דעם צווייטן חורבן האָבן יידן געשטרעבט ניט צו צעטיילן זייער טאָג־טעגלעך לעבן אויף הייליקייט און וואָכעדיקייט. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר גאָטס קינדער, געהייליקט און באַשטימט פון אים אויסצופירן זיינע געבאָטן. פאַראַפראַזירנדיק די פריער־דערמאַנטע רייד פון יחזקאל קויפמאַן קאָן מען עס אַזוי זאָגן: „די רעליגיע ביי יידן איז ניט געווען אַ שיינדל צו באַפּוצן די טעגלעכע זינד, אָדער אַ טעאָלאָגיש־פילאָ־סאָפישע אידייע פאַר צייט־פאַרטרייב, אָדער אַ נשמה־נויט פון יחידי סגולה. יידישקייט איז געוואָרן אַ גרונט־אידייע פון אַ פאָלקס־קולטור, אַ לעבנס־געפיל און אַ לעבנס־שטייגער פון אַ גאַנצער אומה". יידישקייט איז קיינמאָל ניט געווען קיין אַבסטראַקציע; ס'איז אַלע מאָל געווען אַ שווערער יאָך, וואָס יעדער ייד האָט געדאַרפט טראָגן באהבה. אַ ייד איז קיינמאָל ניט געווען פּטור פון אַ מצווה. ער האָט געמוזט לעבן אָט שוין, אין זיין צייט, לויט די געבאָטן פון גאָט און ניט געטאָרט אָפּלייגן זיין טאָן גוטס אויף לעתיד לבוא,— — ווען די אומשטענדן וועלן זיין גינסטיק, אַפילו פאַר דעם רשע, אָפּצוהיטן גאָטס מצוות. פאַר אַ יידן איז דאָס גאַנצע טאָג־טעגלעכע לעבן הייליק.

דערפאַר ווען עס איז געקומען, אין צייט פון צווייטן חורבן, צו דעם גרויסן נסיון, ווען יידן האָבן דערפילט, אַז דער גוף־שטאָט קאָן זיי נאָך ניט דערלאָזן צו בלייבן ווי אַ פאָלק, האָבן זיי אויפגעגעבן דעם מדינה־גוף. אויפ־

(38) לויט מ. צ. סגל: מבוא לכתבי הקודש, ספר שני, ז' 268.

צוהיטן ביידע — אי דעם גוף, שטאַט־מדינה, אי דעם גייסט פון יידישקייט האָבן זיי נישט געקאָנט — האָבן זיי אויסגעקליבן גייסט.

זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם שוץ, וואָס אַ סעקולאַרע מדינה גיט, און אַוועק אין גלות. אין אַ געוויסן זינען האָבן יידן אין גלות געלעבט אויפן חסד פון די פעלקער. די וועלט איז נאָך ניט ראוי פאַר מלכות שמים. ווען די פעלקער, צווישן וועלכע יידן לעבן, וואָלטן זיך אויך אָפּגעזאָגט פון מדינה און סעקולאַרע הערשאַפט וואָלטן יידן ניט געקאָנט געדייען. צום „גליק" האָבן די פעלקער געוואָלט הערשן, געוואָלט האָבן דעם שוץ פון מדינה, אַזוי האָבן זיי יידן „געשיצט" קעגן רויבער און אָנפאַלערס אויף וויפל עס האָט זיך געלוינט דעם הערשנדיקן פאָלק. ס'איז אַ שלעכטער שוץ, דאָך אַ שוץ.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז די אַקצעפּטירונג פון „דער נשמה אָן גוף" איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ ביטערן קאַמף איז פאָלק. און ניט אַלע יידן האָבן עס אָנגענומען.

עס זיינען געווען דריי פּאַרטייען אין צייט פון צווייטן חורבן: די צדוקים און די קנאים פון אַלע שאַטירונגען — איין גרופּע; די צווייטע גרופּע — די אסיים; די דריטע גרופּע — די פּרושים.

„די מלוכה מאַטעריאַליסטן, וואָס מדינה האָט פאַר זיי געמיינט אַלץ האָבן ניט געפונען קיין אינטערעס אין לעבן נאָך דעם, ווי די מדינה איז חרוב געוואָרן. דערפאַר האָבן זיי מלחמה געהאַלטן ווי פאַרצווייפלטע און זיי זיינען ניט אָפּגעטראָטן פון זייערע פּאָזיציעס ביז זיי זיינען ניט געפאַלן טויט צווישן זייערע באַליבטע חורבות.

„די אסיים האָבן געזען, ווי די יידישע מדינה ווערט אַלץ מער און מער פאַרדאָרבן; זיי האָבן געזען, ווי אירע הערשער, פּונקט ווי אין די צייטן פון ערשטן בית־המקדש, פאַרשטאַרקן די הערשאַפט פון חומר און האָבן אין זינען נאָר די מאַכט פון פויסט — זיי האָבן דאָס אַלץ געזען און אין זייער האַרצן האָט זיך פאַרשטאַרקט דער יאוש און זיי האָבן זיך אָפּגעקערט אין גאַנצן פון מדינהשן לעבן. זיי זיינען אַוועק אין די מדבריות דאָרטן זיך אויס־צולעבן אין קדושה און טהרה, זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער פאַרדאָרבענער געזעלשאַפט, וואָס מען קען שוין מער ניט אויסבעסערן. אין זייער איינזאַמקייט, ווייט פון קאָכעדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך אין זייער האַרצן נאָך מער צעפלאַקערט די שנאה צו דער מדינה, אַזוי אַז אין די לעצטע מינוטן אירע, ווען זי האָט זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט, האָבן אַ סך צווישן די אסיים ניט פאַרבאָרגן זייער פרייד, וואָס זי גייט אונטער.

„די פּרושים זיינען ניט אַנטלאָפן פון לעבן און ניט געוואָלט מפקיר זיין די מדינה. פאַרקערט גאָר, זיי זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך אין לעבן און געמאַטערט זיך מיט אַלע כוחות צו ראַטעווען די מדינה פון מאָראַלישער ירידה און געבן איר די פּאַסיקע צורה, וואָס פּאַסט פאַר יידישקייט. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז גייסט אָן קערפּער איז בלויז אַ שאָטן, וואָס האָט ניט קיין ממשות. און כדי דער גייסט פון יידישקייט זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען און דערגרייכן גאַנצקייט איז פאַר אים אוממעגלעך צו זיין אָן מדינה־קערפּער, וואָס אין אים זאָל זיך (די גייסטיקע יידישקייט) רעאַליזירן אויף אַ קאָנקרעטן אופן. אָבער אַפילו אין דער מאַוימדיקער צייט פון חורבן איז מלוכה־גוף געווען ביי זיי נאָר צוליב דעם גייסט פון פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרקערפּערט אין אים און דאַרף האָבן זיין הילף. דערפאַר איז זיי גאָר ניט אַרויף אויפן זינען די פרעמדע מחשבה, אַז דער טויט פון דער מדינה מיינט אויך דער טויט פון דער אומה און דאָס לעבן איז גאָר נישט ווערט״ (39).

די פּרושים זיינען ניט געווען קיין עקסטרעמיסטן ווי די אסיים, אָבער אין תוך זיינען זיי געווען נאָענט איינע צו די אַנדערע. די אסיים זיינען געווען אָפּן קעגן מדינה און די פּרושים האָבן געמאַכט אַ מין פּשרה, ווי די נביאים האָבן עס געטאָן: יאָ, מדינה, אוודאי און אוודאי! אָבער צו איר נאָך עפּעס: גאָטס גייסט. אַ מדינה פון יושר און צדק; אַ גערעכטע מדינה אויף דער זינדיקער ערד. אַזאַ קאָנצעפּציע פון מדינה האָט אין זיך געטראָגן די זאָמען פון חורבן. אַ מדינה, וואָס האָט געמוזט געפירט ווערן לויט די געבאָטן און געזעצן פון דער תורה און ניט לויט די טאָג־טעגלעכע הצטרכותן פון פאָלק — קאָן קיינמאָל אין ערגעץ ניט זיין. אַ מדינה, וואָס פירט זיך לויט דעם גייסט פון די פּרושים איז אַ זעלבסט־ווידערשפּרוך.

ס׳איז קלאָר, אַז די פּרושים זיינען געווען לכתחילה קעגן אַ קאַמף מיט די רוימער. זיי זיינען געווען קעגן קאַמף, ניט ווייל זיי האָבן חלילה ליב געהאַט די רשעותדיקע מלוכה פון די באַצווינגערס, נאָר ווייל דער גאַנצער באַשטאַנד פון מלכות האָט זיי בעצם ווייניק אָנגערירט. דער עיקר איז דאָך ביי זיי געווען צו פירן אַ רעכטפאַרטיק לעבן, אַ הייליק לעבן, אַ לעבן לויט די געבאָטן פון דער תורה. אַזאַ לעבן האָט מען אויך געקאָנט פירן אונטער דער רוימישער הערשאַפט, ווען מען שטעלט זיך איר ניט אַנטקעגן.

די גמרא דערציילט: „עס זיינען דאָרט געווען בריונים. האָבן צו זיי געזאָגט רי רבנן (די פּרושים): לאָמיר אַרויס און מאַכן שלום! האָבן די

(39) אחד העם: על פרשת דרכים, חלק ג׳, בשר ורוח, זז׳ רל און רלא.

בריונים ניט געלאָזן. האָבן די בריונים געזאָגט: לאָמיר אַרויסגיין און מלחמה האַלטן מיט זיי! האָבן די רבנן געזאָגט: דאָס וועט קיינמאָל ניט גע־לינגען".

די גמרא דערציילט ווייטער, אַז די בריונים האָבן פאַרברענט אַלע שפּייכלערס מיט תבואה, כדי די חכמים זאָלן מוזן מלחמה האַלטן. בעסער טויט, האָבן די פּאַטריאָטן געהאַלטן, איידער צו זיין אונטערגעוואָרפן צו דעם פאַרהאַסטן רוים. דעמאָלט האָט זיך רבי יוחנן בן זכאי אַרויסגעגנבעט פון שטאָט.

דער תלמוד, ווי זיין שטייגער איז, דערציילט אין בלויז עטלעכע גע־ציילטע שורות וועגן דעם גאַנצן וויכטיקן ענין. אָבער ס'איז כדאַי אָפּצושטעלן זיך אויף דעם באריכות:

„אַז ער (רבי יוחנן) איז געקומען צו אַספּאַסיאַנוסן האָט ער געזאָגט: פרידן צו דיר, מלך. האָט ער צו אים געזאָגט: דו ביסט צוויי מאָל חייב מיתה: דו האָסט מיך גערופן מלך און איך בין ניט קיין מלך. און אויב איך בין יאָ אַ מלך, פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען צו מיר ביז אַהער? האָט אים ר' יוחנן געענטפערט: דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט, אַז דו ביסט ניט קיין מלך, וועסטו זיין אַ מלך, ווייל ירושלים וועט פאַלן נאָר אין די הענט פון אַ מלך. (און רבי יוחנן באַשטעטיקט זיין הנחה מיט אַ פּסוק) פאַרוואָס בין איך ניט געקומען צו דיר פריער? ווייל די בריונים האָבן ניט דערלאָזט. האָט צו אים געזאָגט אַספּאַסיאַנוס: נו, אויב אַרום אַ קרוג מיט האָניק איז אַרומגערינגלט אַ שלאַנג, צעברעכט מען ניט דעם קרוג צוליב דער שלאַנג? האָט רבי יוחנן געשוויגן. אויף דערויף האָט געזאָגט רבי יוסף, און אַנדערע זאָגן, אַז רבי עקיבא האָט עס געזאָגט: אויף רבי יוחנן איז אָנגעווענדט דער פּסוק: „וואָס קערט די חכמים אַהינטער און זייער שכל באַנאַרישט ער" (ישעיה מ"ד, כה). רבי יוחנן האָט דאָך אים געקענט ענטפערן: מען נעמט אַ צוואַנגל און מען נעמט אַראָפּ די שלאַנג און מען דערהרגעט זי און מען לאָזט דעם קרוג צורו. (עס מיינט: מען באַזיגט די בריונים און מען לאָזט צורו די שטאָט). דערווייל איז אָנגעקומען פון רוים אַ שליח און האָט אים געזאָגט: דער קעניג איז געשטאָרבן און מען האָט דיך געמאַכט קיסר. האָט אַספּאַסיאַנוס געזאָגט צו רבי יוחנן: אויב דו ביסט שוין אַזוי קלוג, בעט פון מיר און איך וועל דיר עס געבן. האָט ער צו אים געזאָגט: גיב מיר יבנה און אירע חכמים. — האָט אויף אים געזאָגט רב יוסף, און אַנדערע זאָגן — רבי עקיבא: אויף אים איז אָנגעווענדט דער פּסוק: „וואָס קערט אָפּ די חכמים אויף אַהינטער און זייער שכל באַנאַרישט ער". ער האָט דאָך אים

געקענט בעטן, אַז ער זאָל דאָס מאָל אָפּלאָזן די שטאָט". די גמרא גיט צו: „אָבער ער האָט געמיינט, אַז אויב ער וועט בעטן צופיל, וועט ער, אספּאַסיאַנוס, ניט האַלטן וואָרט, און ס'איז בעסער כאָטש אַ ביסל צו ראַטעווען" (40).

ס'איז קלאָר, אַז ווען מען אַנאַליזירט די דאָזיקע לעגענדעס זעט מען, אַז רבי יוחנן איז ניט געווען צופיל גענייגט צו ראַטעווען די שטאָט און דעם בית־המקדש. אפשר בדיעבד איז אים געווען ניחא אויסגעלייזט צו ווערן פון מדינה און פון בית־המקדש. זיין אַרויסגנבענען זיך פון ירושלים האָט געקענט פאַררעכנט ווערן פאַר פאַרראַט אין די אויגן פון די בריונים און אויך אין די אויגן פון היינטיקע פּאַטריאָטן. די רוימער באַלאַגערן ירושלים. אין שטאָט זיינען דאָ אַ סך יידן, וואָס ווילן פרידן (41); יידן אין חוץ לארץ האָבן זיך פאַרלאָזט, אין רעליגיעזע ענינים, אין גאַנצן אויף דעם סנהדרין, און דער בית־המקדש איז געווען פאַר די יידן דער צענטער פון יידישן רעליגיעזן לעבן. די יידן זיינען געווען אַ מאַכט אויף דער וועלט און געקאָנט אָנטאָן גרויסע צרות די רוימער. דער שונא האָט אָבער געטענהט, אַז ער קעמפט ניט קעגן דער יידישער אמונה און מדינה, נאָר קעגן די מורדים. די רוימער האָבן אַפילו געזאָגט, אַז זיי ווילן בלויז אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, די בריונים צווינגען זיי צו צעשטערן די שטאָט. רבי יוחנן גיט זיין שטילע הסכמה אויף דעם געדאַנק. ער ענטפערט ניט אספּאַסיאַנוסן, אַז מען דערהרגעט די שלאַנג און מען שאַנעוועט די קרוג. דער פּאַטריאָט עקיבא טאַדלט טאַקע דעם פּאַציפיסט יוחנן. אָבער עס זיינען געווען אַ סך פּרושים, אפשר די מערהייט, וואָס האָבן געהאַלטן מיט רבי יוחנן בן זכאי. דערויף שרייבט קלויזנער:

„דער אויפשטאַנד פון דער נאַציאָנאַלער יידישער פּראַקציע (קנאים) איז ניט געפעלן געוואָרן די תלמידים פון הלל, ווייל וואָס האָבן זיי געקאָנט דערגרייכן מיט דער באַפרייאונגס־מלחמה? פולע זעלבסטשטענדיקייט פון דער אומה? אָבער דאָס איז שויז געווען אין די חשמונאים צייטן, פונדעסט־וועגן האָבן זיך די בעסטע פון די פּרושים געשטעלט קעגן די חשמונאים, ווייל זיי האָבן ניט אָפּגעהיט די תורה ווי עס באַדאַרף צו זיין" (42).

ס'איז כדאַי צו ציטירן אַ מאמר פון גמרא (43) מיט רש"יס אויסטייטש: „מזמור לאסף (תהילים עט), אַ געזאַנג פון אספן: גאָט, גויים זיינען אַריינגע־

---

(40) מסכתא גיטין, דף נ"ו, עמוד א' און עמוד ב'.
(41) גרעץ געשיכטע, ענגליש, באַנד 2, ז' 321.
(42) יוסף קלוזנר: הרעיון המשיחי בישראל, הוצאה שניה, ז' 250.
(43) מסכתא קדושין, דף ל"א, עמוד ב'; זע רש"י דאָרט וועגן דעם דרש.

דרונגען אין דיין נחלה און זיי האָבן פאַראומרייניקט דיין הייליקן טעמפּל. זיי האָבן געמאַכט ירושלים פאַר אַ וויסטעניש", האָט געדרשנט אבימי: ס'האָט דאָך געדאַרפט שטיין: אַ קלאָג־ליד פון אספן! נאָר אסף האָט געזאָגט שירה, וואָס גאָט האָט אויסגעלאָזן זיין כעס אויף דעם האָלץ און די שטיינער פון זיין הויז, דערפאַר האָט ער איבערגעלאָזן אַן אַנטרינונג פון ישראל, ווען ניט, וואָלט ניט איבערגעבליבן קיין איבערבלייב פון די שונאי ישראל. און אַזוי שטייט געשריבן: גאָט האָט אויסגעלאָזן זיין כעס, אויסגעגאָסן זיין גרימ־צאָרן און אָנגעצונדן אַ פייער אין ציון" (איכה ד', יא).

אַרום הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָכן חורבן האָט רבי יהודה הנשיא געוואָלט אָפּשאַפן תשעה באָב, ווייל ער האָט ניט געהאַלטן דעם חורבן בית־המקדש פאַר אַ נאַציאָנאַלן אומגליק (44). אמת, אַן אמורא ווערט אַזוי נשתומם פון דעם מאמר, אַז ער ברענגט אַן אַנדער שמועה, וואָס מאַכט אַ ביסל ווייכער די רייד פון רבי יהודה הנשיא — ניט ער האָט געוואָלט בטל מאַכן תשעה באָב, נאָר אין אַ נדחה־יאָר האָט ער געוואָלט איבערהיפּן תשעה־באָב אין יענעם יאָר. אָבער דער עצם פאַקט, אַז רבי יהודה הנשיא האָט זיך דערלויבט אַזאַ מאמר רעדט פאַר זיך אַליין. גערעכט איז דר. יוסף קלויזנער וואָס זאָגט: „דער נאַציאָנאַל־געשטימטער נשיא, וואָס ביי אים אין הויז האָבן אַפילו די דינסטן גערעדט העברעאיש און וואָס איז געווען קעגן באַנוצן זיך מיט אַראַמייאיש אָדער סיריש, ווייל ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט העברעאיש— ער האָט גאָר קנאַפּ געהאַלטן פון דער וויכטיקייט פון דער אַנטשיידענער געשעעניש פון דעם חורבן פון דער יידישער מדינה" (45).

נאָך אַ יידישער געלערנטער דריקט אויך אויס די מיינונג, אַז בעצם האָבן די פרושים ניט געוואָלט אויפהאַלטן די מלוכה:

„בערך צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן יידן אָנגעוואוירן זייער שטאַט. זיי האָבן אים אָנגעוואוירן דערפאַר, ווייל זיי האָבן אים ניט געוואָלט אויפ־האַלטן (מיין קורסיוו), ווייל זיי האָבן זיך ניט געוואָלט קריגן מיט די רוימער, ווייל זיי האָבן גאַנץ גוט געפילט, אַז זייער „אייגענער" הורדוס הרשע איז ניט בעסער פון אַ רוימישן טיראַן. די פאַרשטייערס פון פאָלק, די חכמי התלמוד, זיינען געווען קעגן דער מלחמה. יאָ, אַזוי איז עס געווען: די דעפיטיסטן זיינען געווען די הערשנדיקע ריכטונג און די פאַלשע פּאַטריאָטן זיינען פון די

---

(44) מסכתא מגילה, דף ה', עמוד א' און ב'.

(45) יוסף קלוזנר: הרעיון המשיחי בישראל, הוצאה שניה, ז' 281; זע אויך ז' 257 מיטלסטן פאַראַגראַף.

שאַפערס פון תלמוד גערופן געוואָרן בריונים, אַ זידל־וואָרט, וואָס באַטייט כמעט דאָס זעלבע וואָס באַנדיטן״ (46).

די פּרושים האָבן גערופן די קנאים מיט מיאוסע נעמען. די מיינונג פון די פּאַטריאָטן וועגן רבי יוחנן בן זכאי און זיינע נאָכפאָלגערס איז ביי אונדז ניט איבערגעבליבן. רבי עקיבאס טאַדל איז נאָר אַ שוואַכער אָפּקלאַנג. אין דער יידישער געשיכטע איז רבי יוחנן בן זכאי פאַרבליבן דער פּאַטריאָט, וואָס האָט געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג — ווייל זיין שיטה האָט געזיגט.

## ח. גלות און איבערשאַפונג

עס האָט געזיגט די שיטה, וואָס האַלט, אַז ייִדן זיינען אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער און אַז ערדישע מלוכה איז ניט דער עיקר אין נאַציאָנאַלן לעבן. גיין אין גאָטס וועגן, אויספירן זיינע מצוות, וואָס זיינען פאַרשריבן אין דער תורה, איז וויכטיקער פון לאַנד און מדינה. די דאָזיקע שיטה האָט געזיגט. בלויז נאָך איין מאָל האָט אויפגעפלאַקערט אויף אַ נאַציאָנאַלן מאָס־שטאָב דער אַלטער פּאַטריאָטיזם פון קנאים־צדוקים — דער בר־כוכבא־אויפשטאַנד. קיין סך יידישע פירערס האָבן ניט געהאַלטן מיט בר־כוכבאן. ס'איז אַ גרויסע פראַגע צי רבי עקיבא האָט מיט אים געהאַלטן ביזן סוף פון אויפשטאַנד (47). בר־כוכבא איז דורכגעפאַלן. ווען ער וואָלט אַפילו געזיגט איז אַ ספק צי ער וואָלט געהאַט נחת פון דעם„פּאַטריאָט״ רבי עקיבא. ער און רבי טרפון האָבן דאָך געזאָגט: „ווען מיר זיצן אין סנהדרין וואָלטן מיר קיינמאָל ניט פאַרמשפּט קיין מענטשן צום טויט״ (48).

בר־כוכבא, דער גרויסער פּאַטריאָט איז פאַרבליבן אין דער יידישער טראַדיציע אויך אונטער דעם צונאָמען „בר כוזיבא״, וואָס איז אויך אַ שאַנד־נאָמען. מען האָט ווייניק אויפגעהיט פון יענעם העראָאישן קאַמף. ס'זעט

(46) אבא גאָרדין: מאָראַל אין יידישן לעבן, ז' 76.

(47) זע: Louis Finkelstein: Akiba, p. 271.

איבערהויפּט אָבער אין מנדל וואהלמאַן: מסתרי האגדה, זז' 136 ביז 140.

(48) מכות פּרק א'. זע אויך דעם גאָר שאַרפן דרוש פון מנדל וואהלמאַן, אין דער אויבן געבראַכטער ציטאַטע, זיין אינטערעסאַנטע דערקלערונג פאַרוואָס די פּרושים האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון בר כוכבאן נאָך דעם ווי ער האָט דערהרגעט דעם אַלטן רבי אליעזרן שטימט מיט הרב פינקלשטיינס מיינונג.

אויס, אַז מען האָט געוואָלט אומישנע פאַרגעסן דעם אומגליקלעכן אינ־צידענט.

די רעזולטאַטן פון אויפשטאַנד זיינען געווען טראַגישע. נאָכן חורבן בית־שני איז די תורה ניט פאַרפאַלגט געוואָרן, אָבער נאָך בר־כוכבאס דורכפאַל האָט די רוימישע אימפּעריע זיך פאַרמאָסטן אונטערצוהאַקן די וואָרצלען פון יידישן בוים. צום צווייטן מאָל אין זייער געשיכטע האָבן יידן פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון רעליגיעזער מאַרטירערשאַפט. אָבער יידן האָבן מקדש־השם געווען און זיך ניט אונטערגעגעבן. באַלד ווי די רדיפות האָבן אָפּגעלאָזט האָבן זיך אין אושה צונויפגעקליבן די תלמידים פון רבי עקיבא און מתקן געווען תקנות אויפצובויען דאָס חרוב געוואָרענע פאָלק. אַזוי האָט דאָס פאָלק, וואָס זיין סוף האָט אויסגעזען אומפאַרמיידלעך — צוריק אויפגע־לעבט. די תורה איז ווידער געווען די ספּעציפישע רפואה, וואָס האָט אין זיך געזונט און קראַפט.

דער אמתער באַוויז, אַז דאָס פאַרלירן פון זעלבשטענדיקייט איז ניט געווען קיין סכנה פאַר יידישער עקסיסטענץ איז דאָס, וואָס יידן זיינען ניט אונ־טערגעגאַנגען אין גלות, ווי אַ סך גרעסערע און שטאַרקערע פעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען בלייבנדיק אויף זייער לאַנד. אין רעטראָספּעקט קען מען זיך דערוועגן צו זאָגן, אַז יידן האָבן דערפילט, אַז ניט נאָר האָבן זיי זיך ניט גע־נויטיקט אין מלוכה און לאַנד פאַר זייער עקסיסטענץ, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן בכיוון אויפגעגעבן זייער זעלבשטענדיקייט, כדי זיי זאָלן עקסיסטירן ווי אַ פאָלק. זיי האָבן דערפילט, אַז וואָלטן זיי געבליבן אין זייער לאַנד, וואָלט זיי באַפאַלן דער זעלביקער גורל פון אַלע אַנדערע פעלקער פון דער ערד און זיי וואָלטן אונטערגעגאַנגען און זיי וואָלטן ניט געקענט זיין די טרעגערס פון גאָטס וואָרט.

יידן האָבן אין גלות געשאַפן אַ מלוכה אין אַ מלוכה. זיי האָבן אָבער געשאַפן אַזאַ מלוכה, וואָס האָט זיך ניט אַריינגעמישט אין די גרענעצן פון מדינה. זיי האָבן געשאַפן אַ גייסטיק־יידישע מלוכה, וואָס האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט פאַרכאַפּן די הערשנדיקע מאַכט. אין דער ספּערע, וואָס די יידישע מלוכה האָט רעגירט, האָט די הערשנדיקע מאַכט, ביז מיט גאָר אַ קורצער צייט צוריק, גאָר ניט געהאַט קיין אינטערעס, דערפאַר האָט זי עס טאָלערירט.

דער באַגריף, אַז אַ נאַציאָנאַל לעבן דאַרף ניט זיין צוגעבונדן דווקא צו ערד און מדינה איז געווען אַזוי געוואַגט־ניי, אַז עס האָט גענומען אַפילו די יידן אַ פּאָר הונדערט יאָר, ביז זיי האָבן איבערגעשאַפן די אַלטע באַגריפן פון

מלוכהשאַפט אין נייע ווערטן. און דערנאָך האָט געגומען היפשע הונדערטער יאָרן ביז זיי האָבן דערגרייכט די אמתע שלמות פון מלכות שמים. איך גלויב, אַז די אמתע השלמה איז ערשט דערגרייכט געוואָרן ביים אַשכנזישן יידנטום, איבערהויפט אין די שטעטלעך פון פוילן און ליטע און רייסן.

דער פּראָצעס פון איבערשאַפונג און צופּאַסונג איז געווען שווערער אפשר נאָך דעם צווייטן חורבן ווי נאָך דעם ערשטן חורבן בית־המקדש. אמת, אין גלות בבל האָבן יידן געבראַכט זייער אַן אָרעמע ירושה און זיי האָבן ערשט געדאַרפט שאַפן אַ ספּעציעלן לעבן־שטייגער, און נאָכן צווייטן חורבן איז שוין אַ יידישער ריטואַל געווען גוט איינגעשטעלט. אָבער נאָכן ערשטן חורבן האָבן יידן געהאַט אַ צוזאָג אויף שיבת־ציון אין אַ באַשטימטער צייט און דאָס צוריק אויפבויען פון דעם בית־המקדש, וואָס איז פאַרזיכערט געוואָרן פון די נביאים, וועט קומען נאָך דעם צייטווייליקן גלות. נאָכן צווייטן חורבן איז דער צוזאָג אויף גאולה אויך דאָ, אָבער די צייט ווען זי וועט קומען איז אומבאַשטימט. די גאולה־פאָרויסזאָגונגען פון רבי יוחנן בן זכאי, רבי גמליאל, רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה זיינען געפּל־דיקע און זיינען אָדער איבערטריבענע און גוזמאדיקע טרייסט־רייד, אָניט — וואָרנונגען קעגן צואיילן די גאולה און קעגן פאָרויסזאָגן אַ באַשטימטע צייט פון איר קומען (49).

די יידן אין בבל האָבן געשאַפן טיילן פון תנ״ך. די יידן נאָך דעם צווייטן חורבן האָבן געדאַרפט איבערשאַפן די טיילן פון תנ״ך, וואָס האָבן אויף זיך געהאַט דעם שטעמפּל פון מדינהשער גבורה און פאַרהערלעכונג פון ערדישן כוח און העלדישער געוואַגטקייט. די חכמי התלמוד האָבן אַריינגעטייטשט זייער וועלט־באַנעם אין פּסוקים. די מדרשים און די אגדתות פון תלמוד האָבן געגעבן אַן אַנדער ריח און פאַרב צום ספר הספרים. דאָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט ווען מען האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אייבערהערשאַפט פון מדינה.

די משכילים, וואָס האָבן געקוקט מיט פרעמדע, ראַציאָנאַליסטישע אויגן אויפן יידישן לעבן, האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם גרויסן אויפטו. די פאַרהיינ־טיקונג פון דער תורה און טיילן פון די נביאים האָבן זיי אָנגענומען פאַר בטלנות און פלוידערייען. זיי האָבן פאַרפעלט צו זען די גרויסע שעפערישקייט און

(49) מסכתא שבת, דף ל׳, עמוד ב׳; מסכתא סנהדרין, דף צ״ז, עמוד ב׳; מסכתא ראש השנה, דף י״א, עמוד ב׳. זע אויך יוסף קלוזנר: הרעיון המשיחי בישראל, זז׳ 252, 253.

פאַרנעם און די טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די באַדערפענישן פון יידישן לעבן, וואָס די חכמי התלמוד האָבן געהאַט.

אָט די איבערשאַפונג און פאַרהייליקונג פון די הייליקע שריפטן איז געוואָרן דער קנין פון דער גאַנצער אומה. דאָס פאָלק האָט דאָך געלעבט מיטן תלמוד און מדרש. דער געניאַלער רש״י האָט אָט דעם נייעם באַגריף איבערגעגעבן „צו קינדער אין די וויגן".

דאָס פאַרהייליקן די העלדן פון תנ״ך האָט געמאַכט די אָבות און די מלכים פאַר שטעטלדיקע יידן. שרה היט אָפּ ווייבערשע מצוות. יצחק דאַוונט מנחה, רבקה בענטשט ליכט און נעמט חלה (50).

מער בולט ווי אַלץ איז דער אופן ווי די חכמי התלמוד האָבן איבערגע־שאַפן די העלדן־מעשיות פון דודס גבורים. זיי נעמען די מעשה ווי דודן האָט זיך פאַרגלוסט דאָס וואַסער פון בית־לחם און די דריי גבורים האָבן אים געבראַכט דאָס וואַסער אין לאַגער און דרשענען זי אויף אַזאַ מין אופן: דוד האָט געדאַרפט פרעגן אַ דין ביים סנהדרין, וואָס איז געזעסן אין בית־לחם. די שאלה איז געווען וועגן אַ שטיק פעלד פון גערשטן און אַ שטיק פעלד פון לינדזן. דאָס פעלד פון לינדזן האָט געהערט צו יידן און די פלישתים האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן, האָט ער געשיקט פרעגן, צי מען מעג פאַרברע־נען דאָס שטיקל פעלד מיט לינדזן אַזוי, אַז מען זאָל קענען אַרויסטרייבן די פלישתים, און שפּעטער וועט ער די יידן באַצאָלן מיט גערשטן פון דעם פעלד פון די פלישתים. דער סנהדרין האָט אים געענטפערט, אַז מען טאָר זיך ניט ראַטעווען מיט צעשטערן דאָס האָב־און־גוטס פון אַן אַנדערן, אָבער ער איז אַ מלך, מעג ער (51).

וואָס פאַר אַ מהלך פון העלדן־קולט פון די פסוקים און די עטישע פאַ־דערונגען פון די חכמי התלמוד!

אויפן פסוק: „און בניהו, דער זון פון יהוידע, דער זון פון אַ העלדישן מאַן (בן איש חי) גרויס אין אויפטואונגען, פון קבצאל, ער האָט דערשלאָגן די צוויי העלדן פון מואב און ער האָט אַראָפּגענידערט און דערהרגעט דעם לייב אין אַ גרוב אין אַ טאָג פון שניי" (שמואל ב׳ כ״ג, כ), דרשנט די גמרא:

---

(50) בראשית י״ח, ח — רש״י; בראשית כ״ד, סג — שפתי חכמים; בראשית כ״ד, סז — רש״י; מדרש רבה פרשה צה: ר׳ יונתן שר הבירה אמר: אפילו ערובי תבשולין היה אברהם יודע; כתובות, דף ק״ג, עמוד ב׳: ואת יראי ה׳ יכבד (תהילים ט״ יד) זה יהושפט מלך יהודה, כשהיה רואה תלמיד חכם, היה עומד מכסאו ומחבקו ומנשקו וקורא לו: רבי, רבי, מרי, מרי.

(51) מסכתא בבא קמא, דף ס׳, עמוד ב׳.

וואָס מיינט עס: „ער איז געווען אַ בן־איש־חי״, דער זון פון אַ לעבעדיקן, וואָסי, זיינען די מענטשן פון דער גאַנצער וועלט זין פון טויטע? נאָר בן־איש־חי מיינט, אַז אַפילו נאָכן טויט, ווערט ער אָנגערופן אַ לעבעדיקער; „גרויס אין אויפטואונגען״ — עס מיינט, ער האָט צונויפגעקליבן די אַלע, וואָס זיינען זיך מתעסק אין תורה; „ער האָט דערשלאָגן די צוויי אריאל־העלדן פון מואב״, עס מיינט, אַז ער האָט ניט געלאָזן נאָך זיך אַזאַ ווי ער, ניט אין די צייטן פון ערשטן בית־המקדש און ניט אין די צייטן פון צווייטן בית־המקדש; „ער האָט אַראָפּגענידערט און דערהרגעט דעם לייב אין אַ גרוב, אין אַ טאָג פון שניי״, — טייל זאָגן: ער האָט גענומען שטיקער האָגל און אייז און זיך טובל געווען, ווייל ער איז געווען טמא צוליב קרי; אַנדערע זאָגן: ער איז איבערגעגאַנגען גאַנץ תורת־כוהנים אין אַ קורצן ווינטערדיקן טאָג (52).

אַוודאי, פאַרן ראַציאָנאַליסטישן משכיל האָט אַזאַ אויסטייטשונג געקלונגען ניט־קולטורעל און ווילד, אָבער דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן, ווייל די חכמי התלמוד און די בעלי־מדרש האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם זינען פון די פסוקים, נאָר ס'איז געווען אַ באַוואוסטזיניקע צופּאַסונג פון די העלדן־מעשיות צו די באַגריפן פון די יידישע חכמים און צו זייער מאָראַלישן ניוואָ. ווי ווייט דאָס איז געווען אַ באַוואוסטזיניקע שיטה קאָן מען זען, וואָס אונזערע חכמים האָבן געטאָן מיטן יום־טוב חנוכה. די משנה האָט לגמרי איגנאָרירט חנוכה; די גמרא האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויפן נס מיטן קריגעלע בוימל און אויסגעלאָזן די מיליטערישע גבורות פון די חשמונאים. ס'איז ניטאָ קיין מסכתא חנוכה. עס זיינען דאָ בלויז אַ פּאָר דינים אין מסכתא שבת (53) אָבער ס'איז דאָ אַ מסכתא מגילה. מגילת־אסתר איז אַריינגענומען

---

(52) מסכתא ברכות, דף י״ח, עמודים א׳ און ב׳. זע רש״י אויף די פסוקים און רלב״ג. זע מסכתא סנהדרין, דף צ״ה וועגן דודס העלדן. בכלל, אין תלמוד און מדרש, פאַרנעמט זיך דוד אַ סך מער מיט תורה לערנען, זינגען שבחים צו גאָט און פסקנען שאלות, ווי מיט פירן מלחמות מיט די אַרומיקע פעלקער.

(53) מסכתא שבת, דף כ״א, עמוד א׳. לויט דער השערה פון בן-ציון כץ איז דער ספר החשמונאים ניט אַריינגענומען געוואָרן אין די כתבי הקודש, ווייל די פרושים זיינען געווען קעגן דער טענדענציע פון אַ ספר, וואָס שטעלט מדינה העכער פון יידישן גלויבן און, ווייל שוין יונתן, מתתיהוס זון, האָט פאַרפאָלגט די „חסידים״ און ניט די העלעניסטן. אַ סך פון די העלעניסטן זיינען געוואָרן הייסע פּאַטריאָטן און געטרייע נאָכפאָלגער פון די חשמונאים. אָבער די חסידים האָבן אונטערגעשטיצט אלקימוסן, וואָס האָט געוואָלט שלום מאַכן מיט די גריכן. זיי, די חסידים, האָבן געהאַלטן, אַז אמונה שטייט העכער פון מדינה, וויבאַלד

געוואָרן אין די הייליקע ספרים, די חשמונאים־ביכער האָבן יידן ניט אויפ־געהיט. חוץ די צוויי חשמונאים־ביכער האָבן מסתמא געדאַרפט זיין העלדישע מעשיות, לעגענדעס און כראָניקעס וועגן די חשמונאים. גאָרניט איז אויפ־געהיט געוואָרן. אַן אָפּקלאַנג פון אַ העלדישער מעשה איז דאָ בלויז אין איין מדרש: „פאַרוואָס צינדט מען אָן חנוכה־ליכט? ווייל ווען די קינדער פון דעם חשמונאי האָבן געזיגט, זיינען זיי אַריין אין בית־המקדש; דאָרט האָבן זיי געפונען אַכט אייזערנע שפּיזן, האָט מען זיי איבערגעלאָזן אין בית המקדש אויף אַן אָנדענק און אָנגעצונדן אויף זיי ליכט" (54).

אויב ס'איז נאָך דאָ ביי עמעצן אַ ספק צי די חכמי התלמוד האָבן גע־האַלטן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע פעלקער, קאָן עס באַווייזן אָט דאָס שטיקל דרוש:

שלמה המלך האָט געזאָגט: „ווייל ווער קאָן משפטן דאָס דאָזיקע גרוי־סע פאָלק דיינס? (מלכים א, ג', ט) איז עס מעגלעך, אַז ער, אויף וועמען עס שטייט געשריבן: און ער איז געווען קליגער פון אַלע מענטשן (דאָרט ב' יא) זאָל זאָגן, „ווער קאָן משפטן דאָס דאָזיקע פאָלק דיינס"? נאָר ער האָט געזאָגט: „די דיינים פון דער אומה זיינען ניט ווי די דיינים פון אַנ־דערע אומות, וואָס ווען זיי משפטן צו הרגענען, דערווערגן, בייגן אָפּ פון דין און גזלנען און — גאָרניט. איך אָבער, אויב איך פסקן צו געלט ניט על־פּי־דין ווער איך באַשטראָפט מיטן נפש, ווי עס שטייט געשריבן (משלי כ"ב, כג): „און רויבן זייערע רויבער דאָס לעבן" (55).

די חכמי התלמוד האָבן אָוועקגעשטעלט גאָט און זיינע געבאָטן, דאָס אויפפירן זיך פון יחיד אין טאָג־טעגלעכן לעבן העכער פון לאַנד און מדינה. מעשים־טובים, מצוות זיינען דער עיקר אין מענטשנס לעבן, אָבער זיי האָבן

אַז דער פרעמדער מלך וויל לאָזן צורו די יידן, דאַרף מען צאָלן אַלע צינזן און זיך אונטערגעבן צו דער ממשלה. אַן אייגענע מלוכה וועט מוזן פאַרשוועכן יידישע מצוות, מען וועט דאַרפן מלחמה האַלטן שבת און מען וועט ניט קאָנען אָפּהיטן די דינים פון טומאה און טהרה.

דאָס וואָס שטייט אין חשמונאים א', ט' ג: „און יונתן האָט אָנגעהויבן משפטן דאָס פאָלק און אויסראָטן אַלע רשעים פון ישראל", האַלט בן-ציון כץ, אַז דאָס מיינט די חסידים, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן אים אין נאָמען פון פרומ-קייט און ניט די העלעניסטן, ווי אַלע מפרשים טייטשן. (בן-ציון כץ: פרושים, צדוקים, קנאים, נוצרים, זז' 167, 180, 181).

(54) ציטירט לויט אגדות ביאַליק, כרך שני, ספר שלישי, ז' 168.

(55) ציטירט לויט ילקוט רש"י פון הרב שמואל קליינמאַן; זע מסכתא סנהדרין, דף ז' עמוד א'. הרב שמואל קליינמאַן ציטירט אויך א ספרי.

געוואוסט און פארשטאנען, אז מדינה, מלוכה, מלכות, נאציאנאלער שטאלץ און שטאלץ פון פיזישער גבורה קאנען ניט אויסגעריסן ווערן פון מענטשנס הארצן. האבן זיי אנגעווענדט ניט אויסגערעכנטערהייט א קלוגן מיטל: זיי האבן ניט פארלייקנט די אלע זאכן, פארקערט, זיי האבן פארהערלעכט פאטער־לאנד, לאנד, מלכות און בית־המקדש. זיי האבן אוועקגעשטעלט ארץ ישראל אין צענטער פון יידישער מלוכה. אויסרעכענען אלע שטעלן אין תלמוד וואס רעדן וועגן דער גרויסקייט און הערלעכקייט פון ארץ ישראל איז ניט בויטיק, צופיל זיינען זיי באקאנט. די חכמי התלמוד האבן אויך אפגעהיט און צונויפגעקליבן יעדן פרט וועגן קרבנות, בית המקדש, מלבושים פון כוהנים, די אויפפירעכץ פון כוהן גדול און אלע דינים פון טומאה און טהרה, יובל און שמיטה. מען האט זיי קאדעפיצירט און געשריבן פרושים אויף זיי. דאס האט געגעבן א רעאליטעט צו דער אבסטראקציע.

און נאך איין גרויסן פונקט האבן זיי באטאנט: די שכינה איז אין גלות אינאיינעם מיט די יידן. איז וויבאלד, אז אויך גאט איז אין גלות איז ניטא וואס צו מייאש זיין זיך אויב די גאולה קומט ניט באלד. ווי לאנג דער גלות וועט זיך ציען איז כביכולס סוד, אבער די גלות־צייט איז דאך צייט־ווייליק, ווייל גאט אליין איז אויך אין גלות קאן משיח קומען יעדן טאג. דאס איז דער זינען פון צוועלפטן אני מאמין: „איך גלויב באמונה שלמה אין דעם קומען פון משיחן, אפילו ער וועט זיך פארזאמען פונדעסטוועגן ווארט איך אויף אים יעדן טאג, אז ער וועט קומען". גאט איז א שותף צו יידישע צרות און ער, כביכול, האט אויף זיך גענומען א צייטווייליקע שטראף. אויף ווי לאנג ווייסן מיר ניט, דערפאר איז גלות א פערמאנענטע צייטווייליקייט.

די יידישע אוטאפיע איז געווען „צו זיצן רואיק אויפן לאנד, די שטעט ניט באפעסטיקט, אן א מויער־וואנט ארומגערינגלט, אן טויער און אן ריגל. קיינער וועט ניט קומען צו רויבן און פלינדערן. א רואיק פאלק, וואס איז איינגעזאמלט געווארן פון צווישן פיל פעלקער, א פאלק, וואס האדעוועט פי און שעפסן און זיצט אין דער מיט פון דער וועלט" (יחזקאל ל"ח). ווען יידן האבן זיך צוריקגעקערט פון בבל האבן זיי געמאכט א פארזוך צו רעא־ליזירן אזא קעניגרייך (56). אבער די רשעותדיקע וועלט האט זיי ניט גע־לאזן, האבן די יידן אויפגעגעבן דעם געדאנק צו נעמען אנטייל, ווי א פאלק, אין דער וועלט־פירונג. זיי האבן ווי געזאגט: מיר וועלן שטיין אן א זייט פון דעם וועלט־טומל און מיר וועלן איינשטעלן אונדזער לעבן לויט גאטס

(56) גרעץ געשיכטע „העברייאיש פון שפ"ר, כרך ראשון, זז' 304, 305.

געבאָטן. מיר וועלן זיך פאַרלאָזן אויף דער רשעותדיקער וועלט, זי זאָל אונדז באַשיצן לויט איר יושר־רשעותדיקן באַגריף. אַוודאי וועלן מיר דאַרפן לעבן אַ ניט־נאָרמאַל נאַציאָנאַל לעבן. אָבער זייער נאָרמאַל־לעבן איז אויך ניט נאָרמאַל נאָך אונדזער באַגריף נאָך. אונדזער איינשטעל איז אַ בזוי לעבן, אַ מיאוס לעבן אין זייערע אויגן, אָבער זייער לעבן איז ניט שענער אין אונדזערע אויגן. אונדזער ניט־נאָרמאַליטעט איז נאָרמאַל אין אונדזערע אויגן אין די אומשטענדן פון גלות, און זייער נאָרמאַל לעבן איז ניט נאָרמאַל פאַר אונדז, די קינדער פון גאָט.

## ט. דאָס שטעטל — די קרוין פון יידישער שאַפונג

יידן האָבן געדאַרפט מקריב זיין אַ סך כדי צו בלייבן אַ פאָלק אין אַ פאָלק. זייער ניט־מלוכהשער איינשטעל האָט זיי געקאָסט גרויסע קרבנות. זייער פיזישע זיכערקייט האָט זיך געוועגדט אָן די קאַפריזן און די עקאָנאָמישע, פאָליטישע און גייסטיקע אינטערעסן פון די הערשנדיקע פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. זיי האָבן זיך אָפגעזאָגט פון קאָלעקטיווע רעכט צו פאַרמאָגן לאַנד. זיי האָבן זיך אָפגעזאָגט פון דער אויטאָמאַטישער העגע־מאָניע פון אַ קולטור, וואָס קומט פון מדינהשער מאַכט. זיי זיינען געווען צו־פרידן מסכים צו זיין אויף אַ גרויסער מאָס פון צופאַסונג, וואָס איז באמת געווען אַ געוויסע פאָרמע פון אַסימילאַציע. זיי האָבן זיך אָפט צוגעפאַסט שפּראַכלעך צו די הערשנדיקע פעלקער. זיי האָבן ניט אַנטוויקלט זעלב־שטענדיק אַלע צווייגן פון פאָלקס־ווירטשאַפט און פאָלקס־קולטור. זיי זיינען איינגעגאַנגען אויף אַלע פשרות. זיי האָבן אַלץ אויסער זייער אמונה, גע־רעכנט פאַר אַ טפל. און די אמונה, וואָס האָט אַרומגענומען זייער גאַנץ גייס־טיק לעבן, האָט זיי געמאַכט פאַר אַ פאָלק, וואָס לעבט באַזונדער און אַ פאָלק וואָס טראָגט גאָטס יאָך. אין זייער לאַנגער וואַנדערונג האָבן זיי קיינמאָל ניט געמאַכט קיין פּרואוו צו באַזיגן אַ לאַנד אָדער קאָלאָניזירן אַ שטח ערד. זיי האָבן אַלע מאָל געלעבט אין שכנות ביי עמעצן, אונטערגעוואָרפן פּאָליטיש ביי אַ פרעמדער מאַכט. זיי האָבן געהאַלטן גלות פאַר אַן אומגליק; אָבער אויס־געלייזט ווערן פון גלות אויף אַ נאַטירלעכן אופן האָבן זיי ניט געהאַלטן פאַר אַ דערלייזונג. די גאולה, וואָס זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט האָט געדאַרפט קומען אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן. די משיח־האָפענונג איז שטענדיק געווען

פאַרבונדן מיט וועלט־אויסלייז. צום ווייניקסטנס וועט ניט זיין קיין שעבוד מלכיות — אונטערטעניקייט צו אַ מלוכה (57).

ס׳איז מערקווירדיק, וואָס דער ניט־מלוכהשער איינשטעל האָט אַרויס־געבראַכט גרויסע שעפערישע כוחות ביי יידן. זיי איז געלונגען צו שאַפן אַן אייגנאַרטיק לעבן, וואָס איז ניט געווען צוגעבונדן צו אַ לאַנד און ניט אַרויפ־צוואונגען געוואָרן פון אַ מלוכה־אַפּאַראַט. דער משכיל אין מענדעלע מוכר־ספרים מיינט, אַז די אייגנאַרטיקייט און דער איינגעשטעלטער נוסח פון יידישן לעבן קומט פון אַ פּאַרגליווערטקייט און ניט־שעפערישקייט. מענדעלע מוכר־ספרים זאָגט:

„איז דאָ נאָך אַן אומה אויף דער וועלט, וואָס דער גאַנצער שטייגער לעבן פון איטלעכן באַזונדער זאָל זיך ציען פון געבוירן ווערן ביז דעם שטאַרבן אויף איין נוסח, ווי ביי אונדז, יידישע קינדער? די דערציאונג, דאָס לערנען, דאָס דאַוונען, דער ניגון צו יעדער תפילה, צו יעדן פּזמון, צו יעדער שטיקל פּיוט, צו יעדער סליחה האָט זיין געשטעלטן, געוויסן נוסח. אַפילו עסן און טרינקען האָבן איין נוסח. איז עס דען וואו געהערט געוואָרן, אַז אין אַ גע־וויסער שעה, פּרייטיק צו נאַכט אַ שטייגער, זאָל אַ פאָלק יידן עסן פיש, לאָקשן און צימעס? שבת אין דער פרי — רעטעך און פּיטשאַ, לעבער און ציבעלע מיט אייער, אויפגעפרייעטע מיט אַ גרויסן מאַרך־ביין דערינען? אין דעם און דעם טאָג זאָל מען עסן קרעפּלעך, אין יענעם טאָג — האָמענטאַשן און אין דעם טאָג — אַ געלן קוילעטש מיט זאַפרען? הייבט איינער אָן זאָגן „כל מקדש" אָדער שרייען „חי וקים" אין באַרדיטשעוו, הערט זיך דער אייגענער ניגון און דאָס אייגענע קול אויך אין אַרגענטינע, וואָס איז אין עק וועלט. מיר זיינען אַן עדה פון מילבן, וואָס איינע, אַזוי די אַנדערע, אַלע גלייך" (58).

---

(57) מסכתא ברכות, דף ל"ד, עמוד ב׳: אין בין העוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד. צי דער שעבוד מלכיות וועט אָפּגעשאַפט ווערן בלויז פאַר יידן, אָדער אויך פאַר אַלע פעלקער, ווערט ניט קלאָר אַרויסגעזאָגט. מען קאָן טייטשן אויף ביידע אופנים.

(58) מענדעלע מוכר ספרים: שלמה ר׳ חיימס, אמר מענדעלע: הקדמה ז׳ 27; אינטערעסאַנט איז, אַז רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט יאָ באַנומען דעם געדאַנק, וואָס די יידישע עדה איז געגרינדעט אויף דעם יחידס פרייוויליקן נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָט, אָן צוואַנג פון אַ סעקולאַרן שטאַט. עס ווערט דערציילט, אַז רבי לוי יצחק האָט אָפּגעשטעלט אַ יידן נאָך ביעור חמץ און אים געפרעגט: האָסטו עפּעס באַהאַלטן אַ ביסעלע חמץ? — חלילה, האָט דער ייד געענטפערט. אַזוי האָט ער אָפּגעשטעלט אַ היפּשע צאָל יידן און יעדן איינעם געשטעלט די זעלביקע פראַגע און אַלע האָבן אים געגעבן דעמזעלביקן ענטפער. דערנאָך האָט רבי לוי אָפּגע-

יאָ, ס׳איז טאַקע ניט געווען אַזאַ אומה אויף דער וועלט, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַזאַ גייסטיקע גבורה צו דיסציפּלינירן אירע בירגער אָן צוואַנג פון מלוכה און אָן מורא פאַר יורידיש־סעקולאַרער שטראָף. נאָר יידן האָבן עס באַוויזן צו טאָן.

יידן זיינען אַריינגעדרונגען אין אַלע גויישע לענדער ניט ווי באַצוויננ־גער, ווי באַזיגער פון פעלקער אָדער דעראָבערער פון לאַנד. זיי האָבן ניט געוואָלט זיין קיין קאָלאָניזאַטאָרן. זיי האָבן ניט אַרויסגעוואָנדערט פון זייער לאַנד שבטימווייז, די מחנות, וואָס זוכן אַ לאַנד צו באַזעצן און גרינדן אַ נייעם עטנישן ישוב. זיי האָבן ניט געבויט קיין זעלבשטענדיקע יידישע דערפער און שטעט. זיי זיינען געקומען אומעטום ווי שכנים. זיי האָבן אַלע מאָל פּרובירט אַרויסקריגן רעכט־פּריווילעגיעס פון הערשנדיקן קלאַס; אָבער דאָס זיינען געווען ניט מער ווי פּריווילעגיעס, וואָס מען גיט צו נוצלעכע פרעמדע, וואָס מען וויל האָבן ביי זיך אין לאַנד. דאָס רעכט פון זיגערס און פאַרנעמערס האָבן זיי קיין מאָל ניט געוואָלט נעמען.

זיי האָבן קיינמאָל ניט געוואָלט שאַפן קיין עטנישן ישוב, וואָס זאָל זיין פולער באַלעבאָס אויף אַ שטח, אַזוי, אַז דער פרעמדער, וואָס וואוינט צווישן זיי, די יידן, זאָל זיין געצוואונגען אָנצונעמען יידישע קולטור, שפּראַך און וועלטבאַנעם, צי מאונס אָדער מרצון. אַלע מאָל האָבן יידן געשאַפן אַ ישוב, וואָס איז געווען אין שכנות ביי אַ שטאַרקערן פאָלק, אַ הערשנדיקן פאָלק, וואָס האָט עקאָנאָמיש און קולטורעל געצוואונגען די יידן איינצוגיין אויף אַ געוויסער מאָס אַסימילאַציע (59).

פון די צייטן פון דער רוימישער אימפּעריע ביז איצט זיינען אין אייראָפּע געענדערט געוואָרן צענדליקער מאָל די גרענעצן פון לענדער. נייע פעלקער און נייע עטנישע ישובים זיינען אויפגעקומען, וואָס האָבן צעטיילט אייראָפּע

שטעלט אַ יידן און אים געפרעגט: נו, און אַביסעלע שמוגל האָסטו באַהאַלטן? דער ייד האָט געענטפערט פאַרשעמט: יאָ, רבי, איך קאָן נאָך ביי זיך געפינען אַביסל שמוגל. האָט רבי לוי יצחק אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געזאָגט: זעסט, רבונו של עולם, וואָס דיינע יידן זיינען? דער מלך האָט זעלנער און שוטרים און שומרים און יידן פאָלגן אים ניט. און דו שטעלסט ניט אָן ניט קיין שומרים און ניט קיין שוטרים, און קיין זעלנער, סיי באַוואָפנטע און סיי ניט־באַוואָפנטע, האָסטו אויך ניט, און דאָך היטן אָפּ יידן דיינע געבאָטן.

(59) וועגן דעם עטנישן ישוב אין בבל זע: יחזקאל קויפמן, גולה ונכר, כרך ראשון, קאַפּיטל „גלות וגטו”, זז׳ 456, 558. קויפמן האַלט, אַז די אַלע דערשיינונגען, וואָס אך האָב אויסגערעכנט זיינען נעגאַטיווע שטריכן אין יידישן לעבן — אַ רעזולטאַט פון גלות. זע דאָרט איבערהויפּט זז׳ 470 ביז 491.

אין פאַרשיידענע חלוקות. פעלקער האָבן זיך אַרויסגעלאָזן איבער די ווייטע ימים צו גרינדן נייע ישובים לויט זייער גייסטיקן באַנעם. יידן האָבן עס ניט געטאָן. זיי זיינען געווען צופרידן צו בלייבן אין שכנות און אָפּגרענעצן זיך אין אַ געקינצלט „לאַנד" — אין אַ געטאָ. די געטאָ (וואָס איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן פרייוויליק) איז געווען דער יידישער באַנעם פון אַ פערמאַנענטער־צייטווייליקער נחלה — אַ „לופט־לאַנד" — אַ לאַנד, וואָס איז ניט קיין לאַנד, אַ לאַנד, וואָס עסט אָפּט אויף אירע איינוואוינערס. „אָן אַ ביסל גרין גראָז, אָן אַ ביימעלע, אָן לופט צו אָטעמען", אָבער די געטאָ איז געווען דאָס באַזיגטע לאַנד, דאָס שטיקל ערד, וואָס יידן האָבן איינגענומען. זיי האָבן עס געשאַפן אין אַ געוויסן זין, ווי דאָס „נאַטור־לאַנד" (60).

יידן האָבן ניט געזוכט איינצונעמען פאַר זיך אַ לאַנד אָדער קאָלאָניזירן אַ שטח ערד, וואו זיי זאָלן זיין די דאָמינירנדיקע מערהייט. נאָך מער, ווען ס'איז אויפגעקומען עמעצער, וואָס האָט זיי גערופן צו אַ גאולה, וואָס קאָן קומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן האָבן זיי אים אויסגעלאַכט. מרדכי עמנואל נחס רוף צו יידן האָט ניט געקראָגן קיין שום אָפּקלאַנג אין יידישן לעבן. דאָס זעלביקע איז געווען אין מיטן נייַנצנטן יאָרהונדערט, ווען עס איז געווען אַ מעגלעכקייט (אמת, אַ גאַנץ שוואַכע) צו קריגן ארץ ישראל פאַר יידן דורך געוויסע פּאָליטישע מאַניפּולאַציעס (61) אָבער יידן האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין די מאַסן קיין אַמעריקע, ווען זיי האָבן פאַר זיך דערזען אַ מעגלעכקייט צו לעבן אין „אַ גוט לאַנד", אין שוץ פון געזעץ.

יידן האָבן געצאָלט אַ גרויסן פּרייז פאַר זייער ניט־מלוכהשן און פאַ־

(60) דאָרט. אויך כרך שני, ז' 464. יחזקאל קויפמאַן רעדט אַלץ לגנאַי.

(61) ייוואָ־בלעטער, ב' 29, נומ' 2, „ארץ ישראל אין דער וועלט־פּאָליטיק, פון נאַפּאָלעאָן ביז באַלפור", פון טוביה אשכנזי. מען קאָן ספּעקולירן צי יידן האָבן ניט געוואָלט קאָלאָניזירן אָדער באַזיגן וועלכע ס'איז לאַנד, צי יידן האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייטן, די כוחות און דעם שעת הכושר. אָבער דאָס וואָס מיר זעען איצט ווייזט, אַז אויב אַ פאָלק וויל, קריגט ער די כוחות, שאַפט די מעגלעכקייטן און יעדע צייט ווערט דער שעת הכושר. יידן האָבן מיט אַ זעכציק־זיבעציק יאָר צוריק אָנגעהויבן קאָלאָניזירן ארץ ישראל, במילא האָבן זיי געמוזט פאַרטיידיקן די קאָלאָניעס. די קאָלאָניעס זיינען זיך צעוואַקסן אין אַ ישוב און דערנאָך זיינען יידן שוין במילא געצוואונגען געוואָרן, כדי צו באַשיצן זיך, איינצונעמען דאָס לאַנד. ווי ביי אַלע פעלקער — קאָלאָניזאַציע, פאַרטיידיקונג און באַזיגן דאָס לאַנד מיט דער שווערד. איז איצט דער בעסטער שעת הכושר? אָביעקטיוו — זיכער ניט. דאָס וואָס יידן האָבן קיינמאָל ניט געמאַכט דעם זעלביקן פּרוּוו ווי איצט, אין די פריערדיקע תקופות, איז דער בעסטער באַווייז, אַז יידן האָבן ניט געוואָלט באַזיגן אַ לאַנד און פאַרנעמען עס ווי אַ פאָלק.

ציפיסטישן איינשטעל. ניט נאָר האָבן זיי פאַרלאָרן אַ גרויסע צאָל אַנטרונענע, וואָס זיינען אַנטלאָפן צום „שענערן" לעבן, נאָך ערגער איז געווען, וואָס זיי זיינען אַלע מאָל געווען אונטערגעוואָרפן אונטער אַ פרעמדער מאַכט. זייער גורל איז קיין מאָל ניט געלעגן אין די אייגענע הענט און זיי האָבן געדאַרפט לעבן מיטן פרעמדן חסד. ווען אַ הערשנדיקע מאַכט האָט זיך געוואָלט איז־דיעקעווען איבער זיי, האָט זי עס געטאָן. שחיטות, רדיפות, גירושים און גזירות בכלל האָבן פאַר יידן, אין דער רשעותדיקער וועלט, קיין מאָל ניט געפעלט.

אָבער יעדער פאָלק האָט געצאָלט און צאָלט אַ פרייז פאַר זיין מלוכה. וואָס אימפעריאַליסטישער אַ פאָלק איז, אַלץ אַ גרעסערן פרייז צאָלט ער. איז פאַראַן אַ ווינקל אויף דער ערד וואו די ביינער פון אַ בריטישן סאָלדאַט ליגן ניט? יידן האָבן געצאָלט דעם גרעסטן פרייז, ווייל דאָס יידישע קע־ניגטום איז געווען אַנדערש, גרעסער און וויכטיקער פון אַלע אַנדערע אימ־פעריעס, וואָס זיינען ווען עס איז געווען.

יידן זיינען ניט געווען קיין פאַציפיסטן אין דעם אַנגענומענעם זינען פון וואָרט. זיי האָבן זיך געשטעלט קעגן דעם שונא מיט דער שווערד אין האַנט, ווען ס'איז ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג. זיי זיינען ניט געווען קעגן פאַרטיידיקן זיך:

„די (יידישע) מאַרטירערס האָבן ניט געזוכט דעם טויט ווי די פאַר־צייטיקע קריסטן. זיי זיינען ניט געווען קיין העלדן, וואָס האָבן אַרויסגעפאָ־דערט דעם פאַרויס באַשטימטן גורל זייערן. דער טויט איז געקומען אומ־געבעטענערהייט. ווען ס'איז אומגעקומען די גאַנצע קהילה — אַלט און יונג, פרויען און קינדער, איז עס געווען קעגן זייער אייגענעם ווילן. צוערשט פלעגן זיי קעמפן פאַר זייער לעבן, און גאַנץ אָפט האָבן זיי אָפּגעשטעלט זייער שונא ביי די ווענט פון דעם בישאָפס פאַלאַץ אָדער פעסטונג אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבן געקענט אָנהאַלטן די פאַרטיידיקונג. אָבער, ווי נאָר די האָפע־נונג פון אָפּשטויסן דעם שונא איז פאַרשוואונדן, זיינען זיי געווען גרייט אויף קדוש השם" (62).

קדוש השם איז געווען די יידישע גבורה. ס'איז גאָר אַן אַנדער באַגריף פון חשיבות, ווי די גויים האָבן געהאַט. ס'איז אַ חשיבות, וואָס קומט פון אויסערלעכער הילפלאָזיקייט און שוואַכקייט, אָבער אינערלעכן מוט, זיכער־קייט און העלדישקייט.

---

(62) זע: Yitzhak F. Baer: Galut, p. 24, Shoken Library.

די גוייִשע וועלט האָט ניט דעם חוש פאַר אַזאַ גבורה. נייִן, זי האַלט זי פאַר פחדנות.

אַ „גלות־ייד" וואָלט קיין מאָל ניט געקענט באַנעמען אַזאַ באַהויפּטונג: „רוסלאַנד, ריידנדיק אין נאָמען פון אירע שכנים אין מערב, האָט פּראָטעסטירט, אַז אַ לאַנד אָן אַ גענוגנדיקער אַרמיי איז אַ לאַנד אָן חשיבות און מענערלעכער קרעפטיקייט און שטאַרקייט" (63).

ס'איז יידן ניט אָנגעקומען גרינג צו דערגרייכן אַזאַ מדרגה פון מענטשלעכער חשיבות. הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָט זיך דאָס פאָלק געראַנגלט מיט זיך אַליין און מיט די פעלקער אַרום ביז עס האָט פאַרווירקלעכט, קאָנקרעטיזירט דעם נביאישן באַגריף פון אַ הייליק פאָלק. סוף־כל־סוף איז די הימלשע ערד געוואָרן רעאַל און יידן האָבן געשאַפן אַן אמתע אייגענע „מלוכה" וואו מלכות שמים איז כמעט רעאַליזירט געוואָרן — רעאַליזירט געוואָרן אויף אַזוי פיל אויף וויפל מענטשן האָבן געקאָנט פאַרווירקלעכן אונטער די רשעותדיקע אומשטענדן פון דער וועלט.

יידן האָבן נאָך טויזנטער און הונדערטער יאָרן געשאַפן דאָס שטעטל, די קרוין פון יידישער געשיכטע. אין דעם יידישן שטעטל זיינען רעאַליזירט געוואָרן די אידעאַלן פון יידישע נביאים.

ווען די נביאים עמוס, מיכה, ירמיהו וואָלטן אויפגעשטאַנען תחית המתים און אַריינגעקומען אין אַ יידיש שטעטל און געזען ווי די יידן לעבן, וואָלטן זיי געזאָגט: „אויף אַזאַ פאָלק האָבן מיר געהאָפט און געוואַרט".

עס וועט נאָך אַמאָל קומען דער היסטאָריקער און וועט געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער אינסטיטוציע „שטעטל" ביי יידן. די שילדערונגען פון שלום עליכם, אַש, ווייסנבערג, מענדעלע, קאָבריך, ש. בן־ציון און אַנדערע פון אונדזערע שרייבערס האָבן געגעבן בלויז אַ שאָטן פון אַ שאָטן פון דעם בילד. אַפילו דאָס עקזאַלטירטע ביכעלע פון אברהם יהושע העשל, „דער מזרח אייראָפּעאישער ייד" גיט איבער בלויז דעם גייסטיקן וועלט־באַנעם פון דער תקופה. כדי צו פאַרשטיין די גרויסע אויפטואונגען פון די יידן פון שטעטל; כדי צו באַנעמען דעם גרויסן מאור־היהדות פון שטעטל דאַרף ערשט קומען אַן אָביעקטיווער היסטאָריקער, וואָס זאָל געבן דאָס קאָלעקטיווע בילד פון שטעטל, און פאַרצייכענען אַלץ אָן ראָמאַנטישן גלאַנץ און באַפּוצונגען. ער זאָל פּשוט סטאַטיסטיש און וויסנשאַפטלעך באַשרייבן אַלע אינסטיטוציעס און אַנ־

---

(63) זע: The New York Evening Post, Oct. 22, 1945

שטאָלטן און דעם טאָג־טעגלעכן שטייגער לעבן פון פּראָסטן יידן אין די אָרעמע, פאַרגעסענע, ניט באַמערקטע און איצט חרובע קהילות קדושות פון פוילן ליטע און רייסן. און געדענקען דאַרף מען געדענקען, אַז דעם לעבנסשטייגער האָט מען געפירט ניט ווייל עס איז געווען אַ שטרענגער רעזשים מיט פּאָליציי און געהיימע היטערס, וואָס האָבן נאָכגעשפּיאָנירט און געצוואונגען דעם יידן אויפצופירן זיך אַזוי. ס׳איז געווען אַ פרייוויליקער יאָך. יעדער יחיד האָט זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט געקאָנט באַפרייען פון דעם יאָך דורך שמד. אין די מאָדערנע צייטן, האָט ער פשוט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פון נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין קהלשן לעבן. אָבער גאָר ווייניק יחידים האָבן עס געטאָן.

דאָס שטעטל איז געווען אַ מדינה אין אַ מדינה, אַ מלוכה אין אַ מלוכה, אָן פיזישן צוואַנג פון מדינה און אָן רשעות פון מלוכה. די וואָס ווייזן אָן אויף די אומרעכטן און באַדריקונג פון די אָרעמע מצד די רייכע שיכטן, און די באַציאונג פון די ראשי־קהל צו דעם פּראָסטן פאָלק, דאַרפן עס פאַרגלייכן מיט דער הערשנדיקער לאַגע אין די פּראָגרעסיווסטע לענדער פון אייראָפּע. זיי וועלן זען, אַז די אַלע אומרעכטן פון שטעטל זיינען קלייניקייטן לגבי דער לאַגע פון דעם המון פון אַנדערע פעלקער. טשאַרלס דיקענס איז זיכער ניט קיין אַנטי־ענגלענדער. אָט ווי ער באַשרייבט די לאַגע סוף אַכצנטן יאָרהונדערט אין ענגלאַנד:

„באמת, אין יענער צייט איז פאַרמשפּטן צום טויט געווען דער רעצעפּט, די פאַרשריפט פון אַלע פּראָפעסיעס און באַשעפטיקונגען, אָבער איבערהויפּט ביי טעלסאָנען (אַ באַנק פירמע). טויט איז דער נאַטורס רפואה פאַר אַלץ און פאַרוואָס ניט אין יוריספּרודענץ? איז דעריבער יענער, וואָס האָט געפעלשעוועט אַ חתימה, פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער, וואָס האָט אונטערגעחתמעט אַ שלעכטן וועקסל, איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער, וואָס האָט געעפנט אומגעזעצלעך אַ פּרעמדז בריוו, איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער וואָס האָט גענבעט פערציק שילינג איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אאז״וו״ (64).

וואָס פאַר אַ פאַרגלייך זיינען די יידישע „רשעות״ פון שטעלן אין קונע, מלקות, אַפילו אָפּגעבן פאַר סאָלדאָטן — מיט אַזעלכע רשעותן?

(64) זע: Charles Dickens: Tale of Two Cities, Books, Inc., N. Y., p. 50

דער כוח פון יידן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט געבראַכן אַלע עקאָנאָמישע געזעצן. איז געזעסן אַ ייד אין דאָרף, געהאַלטן אַ שענק, אַ קרעטשמע, וואו ער האָט באַדינט די ניט־יידישע באַפעלקערונג — און אָפּגעהיט שבת, ניט זונטיק. דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט צענדליקער טויזנטער קריסטלעכע פויערים און אַ יאַריד איז קיין מאָל ניט איינגעשטעלט געוואָרן אויף אַ שבת אָדער יום־טוב. ווען די ניט־יידישע באַפעלקערונג וואָלט דורכאויס באַשטאַנען אָפּצוהאַלטן דעם יאַריד שבת, וואָלטן די יידן ניט געעפנט די קראָמען, ניט געקוקט אויפן גרויסן היזק. די שוואַכע מינאָריטעט האָט געזיגט איבער דער מעכטיקער מערהייט.

ס׳איז ניט דאָ דאָס אָרט צו רעדן באַריכות, און צו שרייבן בפרוטרוט, ווי אַזוי דאָס שטעטל איז געווען אָרגאַניזירט און האָט פונקציאָנירט אָן שום צוואַנג און כמעט אָן אָן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט, אַזוי אַז עס איז ניט געווען קיין מלוכה־ביוראָקראַטיע, וואָס זאָל אויפעסן די אינטעליגענץ; די אינטעלעקטואַלן האָבן חוץ תורה לערנען ניט געהאַט קיין אַנדערע אַקטיוויטעטן. אָבער ס׳איז כדאַי צו מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן איין יידישער אינסטיטוציע, וואָס אַלע האָבן פון איר אָפּגעלאַכט און אָפּגעשפּאָט.

יעדער שטעטל האָט געהאַט אַ הקדש. אין יידיש זיינען פאַרבליבן אַ סך אָפּלאַכערישע אויסדרוקן וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע. אָט זיינען אַ פּאָר פון זיי: „שמוציק ווי אַ הקדש", „שוואַרץ ווי אַ הקדש", „אַ הקדש, ניט קיין שטוב", „זע ס׳אַראַ הקדש ס׳איז", „אַ שטיק הקדש", „אָפּגעלאָזן ווי אַ הקדש" און נאָך און נאָך. אָבער ס׳איז כדאַי צו באַטראַכטן די דאָזיקע וואונדערלעכע אינסטיטוציע. די שטעטלעך זיינען געווען אָרעם, דער דלות איז געווען גרויס צווישן דער באַפעלקערונג. דאָס אָרעמקייט האָט געשאַפן אַ סך שנאָרערס, אָבער האָט אויך געצוואונגען אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג צו ווערן בעטלערס. יידן האָבן געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ ניט קיין ערלעכע אָרעמעלייט, אָבער זיי האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז ניט זייער חוב נאָכצוזוכן. די וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט זיינען געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און יעדער שטעטל האָט געהאַט אַ הקדש — אַן אומזיסטע אַכסניה פאַר די אָרעמעלייט. אַוודאי איז דער הקדש ניט געווען אין אַ געהויבענעם בנין. אָפט האָט פון דאַך אַריינגערונען, די ווענט — שוואַרץ, ניט אויסגעקאַלכט, אַפילו ניט געטינקעוועט. דער דיל — שמוציק, און אין אַ סך שטעטלעך איז דער דיל געווען אַן ערדענער — אָבער דאָך אַן אַכסניה! דער הקדש־מאַן איז געווען דער בעל־אַכסניה און געזען, אַז יעדער אָרעמאַן זאָל האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ אין זומערדיקע רעגנס און אַ וואַרעמען אויוון אין ווינטערדיקע קעלטן. ס׳איז

אינטערעסאַנט, אַז אין מיין שטעטל האָט דער הקדש אויך געהאַט אַ מין שאַפּע — איין וואַנט און אַ דאַך אויבן — פאַר יענע אָרעמעלייט, וואָס זיינען געקומען מיט פערד און וואָגן. דער הקדש־מאַן האָט קיינמאָל ניט געפרעגט קיין בעטלער אויף אַ פּאַספּאָרט. דאָס הויז איז געווען אָפן טאָג און נאַכט און קיינער האָט ניט געפרעגט קיינעם ווער ער איז, וואוהין ער גייט, פון וואַנען ער קומט און וואָס דאַרף ער דאָ אין שטעטל.

דער בעטלער האָט איבערגענעכטיקט אין הקדש און אויף מאָרגן זיך געלאָזן איבער די הייזער און יעדער איינער, אָבער בפירוש בוכשטעבלעך יעדער איינער, האָט עפּעס וואָס געגעבן — צי אַ שטיקל ברויט אין אָרעמאַנס טאָרבע, צי אַ ציגעלע צוקער, צי אַ מזומנעם גראָשן. קיינער האָט ניט אָפּגעזאָגט.

און אַז עס איז געקומען שבת האָבן זיך די באַלעבאַטים אין שטעטל איינגעטיילט מיט די אָרעמעלייט. נעמען אַן אורח אויף שבת האָט ניט געמיינט טאָן דעם בעטלער אַ טובה. ס׳האָט געמיינט — באַשיינען דעם טיש.

אין וועלכן ציוויליזירטן לאַנד געפינט מען אַזאַ מין איינשטעל פאַר אָרעמעלייט?

אַוודאי מעג מען אויך באַטאַנען דעם גרויסן וואונדער פון קינדער־דערציאונג אין שטעטל. קיין רעגירונג, קיין לאַנד אין דער וועלט איז נאָך ניט געקומען צו דער מדרגה, וואָס דאָס שטעטל האָט דערגרייכט — הונדערט פּראָצענט פון דער מענערשער באַפעלקערונג האָט געקאָנט לייענען און שרייבן פּליסיק. אָבער טאַקע הונדערט פּראָצענט — אָרעם צי רייך. די אויסנאַם איז געווען — גייסטיק קראַנקע.

דאָס לעבן איז געווען פול יידיש. ווי ווייט יידן האָבן זיך געפילט ווי אין אַן אייגענער מלוכה קאָן מען זען אַפילו פון דער צייט־רעכענונג. יידן האָבן באַצייכנט די דאַטע לויט דעם יאָר פון בריאת־העולם און לויט דער פּרשה פון דער וואָך. לויט דער פּרשה פון דער וואָך האָט דער ייד אַפילו געוואוסט דעם וועטער. „אין דער וואָך פון סדרה בהעלותך״ — האָט אַ פאָלקסווערטל געזאָגט — „וויזן זיך קאַמאַרעס, מוקן, ווייל עס שטייט דאָרט „כמראה״; אין דער וואָך פון דער תוכחה, רעגנט, שטורעמט״.

„זיי רעדן וועגן גוטע און שלעכטע שבתים; זיי גייען איבער שטעט און שטעטלעך לויט דער פּרשה פון דער וואָך. זיי שטעלן אויס זייער מאַר־שרוט, אַז אין דער זעלבער פּר׳שה־וואָך, זאָלן זיי זיין אין דער זעלבער שטאָט.

די נעמען פון די שטעט געדענקען זיי ניט אַלע מאָל, זיי געדענקען בלויז די סדרה און ביי וועמען זיי האָבן געגעסן שבת" (65).

דאָס וויכטיקסטע אָבער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דאָס גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע לעבן איז געווען קאָנצענטרירט נאָר אויף איין זאַך — צו דער־גרייכן אַ גייסטיקע שלמות, וואָס קאָן קיינמאָל ניט דערגרייכט ווערן.

„פּלוצלונג האָט זיך אַנטפּלעקט אַ הייליקייט אין יידישן לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון אַ סך דורות... מי האמין לשמועתנו: מען קוקט אויף יידן און מען זעט די שכינה.

„אָרעמקייט, צרות און נויט האָבן ניט געפעלט; שענקען און קרעטש־מעס מיט שאַרפן בראָנפן זיינען געווען לרוב. אָבער קיין מאָל האָט מען ביי יידן קיין שיכורים ניט געזען. אין די אָוונטן זיינען זיי ניט געלאָפן נעמען אַ כוסה, נאָר אַוועק צום ספר, צו אַ רבין, צו אַ מגיד. יידן פאַרמאַטערטע פון אַ טאָג האָרעוואַניע זיצן ביי אָפענע גמרות און שפּילן אינטעלעקטועלע סאָנאַטעס און גריבלען זיך אין שווערע תוספותן צי אין טונקעלע מהרשא"ס. אַרום יאָגן זיך מענטשן נאָך אַ תכלית, נאָך תענוגים און דאָ, אַ בית־מדרש פול מיט יידן, וואָס שפּילן די האַרבע מוזיק פון הלכה אָדער די זיסע מעלאָדיעס פון אגדה (66).

דער באַגריף פון חשיבות איז געווען ביי יידן אין שטעטל אין גאַנצן אַנדערש ווי ביי ניט יידן. איין ביישפּיל: אין אַן אַלטער אילוסטרירטער הגדה, וואָס איז געדרוקט געוואָרן מיט פיר הונדערט יאָר צוריק, זיינען די אילוסטראַציע פאַר די אַרבעה בנים אַזוי אויסגעשטעלט: דער חכם איז אַ רב און דער רשע איז אַ ריטער, אַ הויפּט פון חייל מיט אַ שווערד (67). ביי די אומות העולם איז געווען דער מאַן מיט דער שווערד דער העלד נאָך ווען מען האָט געשטעלט מאָנומענטן. יידן האָבן אָבער פאַראַכט אָט די העלדן און זיי גערופן רשעים.

די שכנים אַרום האָבן אָפּגעלאַכט פון יידן, ווייל זייער אָפּט האָט זיך, אויסערלעך, דער יידישער פּאַציפיזם געגרענעצט מיט פחדנות. דאָס פּוילישע

---

(65) י. י. זינגער: יאָשע קאַלב. ציטירט לויטן אויסצוג אין דער „אַנטאָ־לאָגיע פון יידישער פּראָזע אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", פאַרלאַג ציקאָ.

(66) אברהם יהושע העשל: דער מזרח־אייראָפּעאישער ייד, זז' 13, 19 און 39.

(67) אוצר פירושים וציורים של הגדה של פסח, נערכו על ידי יהודה דוד אייזנשטיין, תש"ז, ז' V, הקדמה.

פאָלקסליד: „וואַינאַ זשידאָווסקאַ" — יידישע מלחמה — איז פול מיט שפּאָט פון יידישער גבורה (68). שפּעטער האָבן יידישע משכילים און אינטעליגענטן אויך אָפּגעלאַכט פון יידישן פּאַציפיזם. אָבער יעדער ייד ווייסט וויפל פאַר־אַכטונג יידן האָבן געהאַט פאַר דער גויישער גבורה און העלדישקייט־אַמ־ביציע. אַ ביישפּיל: א. קאַגאַנאָווסקי האָט אַ דערציילונג „גויישע געשעפטן". ער באַשרייבט פּאָליאַקן פאַרן פון געיעג און באַרימען זיך מיט זייער אויס־דויער און געדולד און אויפטואונגען. וויפל פאַראַכטונג צו דער גויישער גבורה ס'איז פאַראַן אין שלוס פון דער דערציילונג:

— כ'בעט אייך, פּעטער, וויפל קען עס קאָסטן אַזאַ מין האָז?

— אַ האָז? כ'ווייס, אַ פאַר זלאָטעס, פּעוונע.

דעמאָלט האָט זיך אָנגערופן אַ בחור מיט ברילן:

— איר פאַרשטייט ניט, יידן, דאָ גייט דאָך ניט אין דעם וויפל דער האָז קאָסט. דאָ גייט דאָך וועגן אַמביציע.

— וועגן וואָס? — האָט געפרעגט אַ ייד פון דער קעגנאיבערדיקער באַנק.

— וועגן אַמביציע? וואָס אַמביציע?

און פון אַלע זייטן, פון יעדן ווינקל האָט זיך אַרויסגעשטעקט אַ באָרד און געפרעגט: וועגן וואָס?

דער בחור האָט אַלץ געשריען „אַמביציע" — ביז וואַנען אַ ייד מיט אַ קליין פּאָפּעליאַטע בערדל האָט אַ זאָג געטאָן: הכלל יידן, וואָס טויג מיר דאָרט? לאָמיר בעסער נעמען אַ יידיש וואָרט אין מויל אַריין. און מ'האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב" (69).

די קולטורעלע אייראָפּעאישע פעלקער האָבן גערעדט שיינע לשונות, געהאַט רייכע ליטעראַטורן, געשפּילט טעאַטער און געשטעלט פּראַכטפולע אָפּערעס. יידיש האָבן אַלע „קולטורעלע" פעלקער גערופן — זשאַרגאָן. אָבער די באַשיידענע יידישע שפּראַך איז געווען „דאָס איינציקע לשון אויף וועלכן ס'איז קיין מאָל קיין טויט־אורטייל ניט אונטערגעשריבן געוואָרן" (70).

אָבער ווי שיין זייער לעבן איז ניט געווען, איז זייער חלום און טרוים פון דער צוקונפט געווען נאָך שענער און הערלעכער. עס זיינען דאָ אין תלמוד

(68) פילאָלאָגישע שריפטן: דריטער באַנד, ז' 413: דאָס פּוילישע פאָלקס־ליד, וואַינאַ זשידאָווסקאַ, פון נפתלי וויינינג.

(69) ציטירט לויט דער „אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּראָזע אין פּוילן צווישן ביידע וועלט מלחמות".

(70) „פאָרווערטס", מערץ 14, 1947: „אין פלאַמען פון קריג איז מיט דרייסיק יאָר צוריק געבאָרן געוואָרן די ווילנער טרופּע", טעאַטער זייט.

און אין מדרש אַלערליי קאָנצעפּציעס פון משיחס צייטן. אָפּט זיינען די באַגריפן פון משיחס צייטן און לעתיד לבוא צונויפגעמישט. דער פילאָסאָ־פישער און קילער רמב״ם רעדט גאַנץ באַשיידן וועגן משיחס צייטן:

„דער מלך משיח וועט אויפשטעלן און צוריקקערן מלכות בית דוד ווי אַמאָל. ער וועט צוריקבויען דעם בית־המקדש און אַלע דינים פון אַמאָל וועלן צוריק אויפגעשטעלט ווערן: מען וועט מקריב זיין קרבנות אאַז״וו״ (71). אַ קאַפּיטל ווייטער זאָגט ער: „זאָל קיינער ניט מיינען, אַז אין משיחס צייטן וועט בטל ווערן וועלכער ס׳איז איינפיר פון דער וועלט, אָדער עס וועט זיין אַ חידוש, אַן ענדערונג אין מעשה בראשית, אין וועלט־איינשטעל. די וועלט וועט זיך פירן ווי אַלע מאָל. איי, עס שטייט דאָך, אַז אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס? דאָס מיינט, אַז יידן וועלן לעבן רואיק, בשלום מיט די רשעים פון דער וועלט, וואָס זיינען געגליכן צו וועלף״ (72).

אָבער אין סוף פון יענעם פּרק שילדערט דער ראַציאָנאַליסט רמב״ם אַ הערלעכע וועלט:

„די חכמים און נביאים האָבן געגלוסט נאָך די צייטן פון משיחן ניט, אַז יידן זאָלן געוועלטיקן איבער דער וועלט, ניט זיי זאָלן הערשן איבער פעלקער און ניט, אַז אַלע אומות זאָלן זיי, די יידן, דערהייבן; אויך ניט זיי זאָלן עסן און טרינקען און זיך פרייען — נאָר זיי זאָלן האָבן צייט צו לערנען די תורה און איר חכמה און זיי זאָלן ניט האָבן קיין באַצווינגער און עס זאָל ניט זיין ווער עס איז, וואָס זאָל זיי ניט לאָזן לערנען, כדי זיי זאָלן זוכה זיין צו עולם הבא. אין יענער צייט וועט ניט זיין קיין הונגער און קיין מלחמה, ניט קיין קנאה און ניט קיין קאָנקורענץ. די וועלט וועט זיך פאַרנעמען נאָר מיט פאַרשן גאָטס וויסן, דערפאַר וועלן יידן זיין גרויסע חכמים און וועלן פאַר־שטיין פאַרבאָרגענע זאַכן און וועלן דערגרייכן צו באַנעמען גאָט, אויף וויפל דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן אים באַנעמען״.

אָט אַזוי און נאָך שענער האָבן זיך יידן אין די שטעטלעך פאָרגע־שטעלט משיחן. זייער דערלייזונג איז געווען צונויפגעקניפּט מיט וועלט־גאולה. אין פאַרגלייך מיט זייער הייליק לעבן איז זייער דערנידערונג גאָר קיין דערנידערונג ניט געווען, און דער גויישער שטאָלץ איז געווען פּוסטע גאווה; דאָס וואָס די וועלט האָט געהאַלטן פאַר חשיבות איז ביי יידן געווען מאָראַלישע שיפלות און זינד.

(71) רמב״ם יד החזקה: הלכות מלכים פרק אחד עשר, שופטים סעיף א׳.

(72) דאָרט, פּרק שנים עשר, סעיף א׳, ב׳.

קרוב ניינצן הונדערט יאָר האָבן יידן געלעבט צווישן פעלקער אַ באַזונדער, אייגנאַרטיק לעבן, וואָס האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער פאָרמע פון לעבן אַרום. „די אייגנאַרטיקייט און אַנדערשקייט פון ישראלס סאָציאַלן איינשטעל האָט צעטומלט און פאַרווירט די געלערנטע פון אַלע צייטן. זיי האָבן פּרובירט צו דעפינירן ישראלס געזעמל אין אַזעלכע טערמינען, וואָס זאָגן טאַקע עדות אויף דער פאַרפּלאָנטערניש פון די פאָרשערס. מען האָט גערופן יידן: „דאָס פאָלק פון גייסט", „דאָס מעטאַפיזישע פאָלק", „רעליגיעזע נאַציע", „רעליגיעזע ציוויליזאַציע", „די פאַנאַטישע מענטשן", „דאָס איבערנאַטירלעכע פאָלק" און נאָך און נאָך. יעדערע פון די דעפיניציעס האָט זיין אייגענעם אויפנעם, אָבער קיין איינע פון זיי גיט ניט איבער דעם אמתן זינען און ריכטיקן באַגריף פון יידישן לעבן" (73).

אַלע פעלקער האָבן געהאַלטן, אַז יידן לעבן אַ ניט־נאָרמאַל לעבן, אָבער יידן האָבן עס אָנגענומען פאַר נאָרמאַל, ווייל מיט זיי איז אויך די שכינה פאַרטריבן געוואָרן. יידן און די שכינה מוזן ליידן אין דער איצטיקער רשעותדיקער וועלט. וועט די וועלט ראוי זיין — וועלן יידן און די שכינה אויסגעלייזט ווערן.

אָט דער געדאַנק איז געווען אַ גרויסער עיקר אין יידישן לעבן. ניט נאָר האָט ער פאַרגרינגערט דעם גלות נאָר האָט אים אויך געגעבן אַ זינען.

צוויי מאמרים אין גמרא ברענגען אַרויס זייער קלאָר דעם געדאַנק: „רבי שמעון דער זון פון יוחאי זאָגט: זע ווי באַליבט ישראל איז פאַר גאָט, וואוהין זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן איז די שכינה געווען מיט זיי. זיינען זיי פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל, איז די שכינה געווען מיט זיי. אַז זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן, וועט די שכינה זיך אומקערן מיט זיי פון גלות (74).

„רבי יונתן האָט געזאָגט: פאַרשאָלטן זאָלן זיין די לייט, וואָס מאַכן חשבונות און רעכענען אויס ווען משיח וועט קומען, ווייל אויב ער קומט ניט, ווי זיי האָבן אויסגערעכנט, אַז ער דאַרף קומען, מיינען זיי, אַז ער וועט שוין מער ניט קומען. אָבער וואַרט אויף אים, ווי עס שטייט געשריבן: אויב ער זאַמט זיך, וואַרט אויף אים" (חבקוק ב׳, ג). טאָמער וועסטו זאָגן: מיר וואַרטן אויף אים, אָבער ער וואַרט ניט אויף אים, שטייט געשריבן: דערפאַר וואַרט גאָט אייך צו לייטזעליקן און דערפאַר גאַרט ער אייך צו דערבאַרעמען

---

Commentary, July 1947: Assimilation in Militant Dress, (73)
By Will Hershberg.

(74) מסכתא מגילה, דף כ"ט, עמוד א׳.

(ישעיה ל׳, יח). אָבער וויבאַלד אַז מיר וואַרטן און ער וואַרט איז ווער דער־לאָזט ניט די גאולה? דער מידת הדין האַלט אָפּ די גאולה (75).

די שכינה, גאָט אַליין, איז דאָך זיכער ניט איבערגעוואַלד אין גלות. דער כביכול האָט אָבער זיך פרייוויליק געצוואונגען צו זיין אין גלות צוליב דעם איינשטעל פון דער וועלט. דער סדר העולם קען ניט געביטן ווערן דורך אַ דרויסנדיקער מאַכט. די וועלט מוז זיך אַליין דערלייזן. די בחירה איז געגעבן געוואָרן צום מענטשן. ווען די וועלט איז אַ רשעותדיקע מוז די גאולה פון ישראל אָפּגעלייגט ווערן. דער מידת הדין האַלט אָפּ דעם כביכול אַליין צו ווערן דערלייזט, ווייל ער איז אַ טייל פון דער וועלט, אָט ווי די יידן זיינען.

די יסורים, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף יידן איז פון זיי געטראָגן געוואָרן ניט נאָר ווי אַ יאָך, אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען, נאָר אויך ווי אַ קרוין, וואָס איז זיי געשענקט געוואָרן.

„הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָט די יידישע אומה געלעבט מיט אמונה און בטחון; דור נאָך דור איז זי געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס עס האָבן אויסגעטראָגן פאַר אירע פירערס און לערערס פון אָנהייב פון איר זיין. מיט ליבשאַפט האָט זי אויף זיך גענומען די יסורים פון דרויסן און מיט אהבה האָט זי געטראָגן דעם אינעווייניקסטן יאָך. זי האָט גאָרניט געפרעגט און זיך ניט געוואונדערט, ווייל אויף אַלע פראַגעס און קשיות האָבן אמונה און בטחון געהאַט איין אַלגעמיינעם ענטפער אָנגעגרייט פון פריער: „לויט דעם צער איז דער שכר" (76).

## י. איבערבראָך

סוף אַכצנטן יאָרהונדערט האָט דאָס יידישע שטעטל דערגרייכט די העכסטע הייך. אין דער זעלביקער צייט, וואָס דער איינגעשטעלטער נוסח פון שטעטל האָט דאָמינירט אַלע פאַזעס פון יידישן לעבן, איז אין איירא־פעאישן יידנטום, איבערהויפט אין די ישובים פון מערב אייראָפּע, אויפגעקומען די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט אונטערגעגראָבן דעם פרומען יידישן וועלט־באַנעם.

---

(75) מסכתא סנהדרין, דף צ"ז, עמוד ב׳.

(76) אחד העם: על פרשת דרכים הקדמה למהדורה ראשונה.

די יידישע השכלה האָט געהאַט אירע וואָרצלען אין דעם איבערבראָך פון אייראָפּעאישער געזעלשאַפט. נאָך אַ סך פריער, ווי די יידישע השכלה־באַוועגונג, איז אין אייראָפּע אויפגעקומען אַ באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט רעאַליזירן אַ נייעם קולטור־אידעאַל — באַפרייען די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע און איר לעבן פון דעם יאָך פון רעליגיע. די באַוועגונג איז אַרויס אין קאַמף קעגן דעם קלעריקאַליזם. זי האָט געוואָלט באַפרייען פון זיין השפעה דאָס פּאָליטיש און קולטורעל לעבן. זי האָט געשטרעבט צו שאַפן אַ סעקולאַר לעבן.

אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז די באַוועגונג געשטאַנען אויף איר העכסטער הייך. יידישע השכלה איז געווען אַן אָפּצווייג פון דער אַלגעמיינער אייראָפּעאישער השכלה־באַוועגונג.

טעאָרעטיש האָט די השכלה געהאַט אַ פּאָזיטיווע נאַציאָנאַלע שטרעבונג: זי האָט געוואָלט אויסבעסערן און פאַרשענערן דאָס יידישע לעבן. אָבער אין דער פּראַקטיק האָט די השכלה געפירט צו אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלן חורבן.

די ווירקונג פון השכלה אויפן יידישן לעבן איז געווען גאָר אַנדערש פון דער ווירקונג, וואָס זי האָט געהאַט אויף אַנדערע פעלקער. די אויפקלערונג־באַוועגונג האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף אַ סעקולאַרער קולטור. ביי אַלע אַנדערע פעלקער האָט עס, פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, צו קיין גרויסן איבערבראָך ניט געבראַכט. די ליטעראַטור, דער טעאַטער, די קונסט זיינען געבליבן נאַציאָנאַל. ניט מער, זייער כאַראַקטער האָט זיך אויף אַ געווויסן גראַד געביטן.

אַנדערש איז אָבער געווען די ווירקונג פון דער השכלה אין דער יידישער וועלט. דאָס יידישע לעבן איז געווען געבויט אויסשליסלעך אויף רעליגיעזע יסודות. די משכילים, אַפילו וואָס זיינען אין תוך ניט געווען קעגן אמונה, זיינען געווען קעגן „תורה". אין יידישן לעבן האָבן ליטעראַטור, קונסט, וויסנשאַפט, טעאַטער ניט געשפּילט קיין ראָלע. דאָס זיינען געווען ניט מער ווי טפל־זאַכן. דער עיקר איז געווען די תורה. די משכילים האָבן אָבער געשטעלט דעם טראָפּ אויף סעקולאַרע עלעמענטן פון לעבן און דערמיט אונטערגעגראָבן דעם גאַנצן יידישן וועלט־באַנעם.

דער קאַמף פון יידישקייט קעגן סעקולאַריזם איז געווען גאָר אַנדערש פון די קאַמפן, וואָס די יידישע אמונה האָט אַנגעפירט מיט אַנדערע רעליגיעס. אין דער לאַנגער געשיכטע פון דער יידישער אמונה, ווען זי האָט געקעמפט מיט פאַרשיידענע רעליגיעס, איז אַלע מאָל געווען אַ קאַמף פון צוויי גלייכע שיטות. אַלע רעליגיעס האָבן געהאַט איין בשותפותדיקן

עלעמענט — גלויבן. איצט אָבער האָט די יידישע אמונה געקעמפט מיט אַ שיטה, וואָס לייקנט אָפּ דעם עצם מהות פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם. פריער איז געווען אַ קאַמף פון איבערגיין פון איין אמונה אין דער אַנדערער. די וואָס זיינען אַוועק פון יידישן גלויבן זיינען געווען פאַרלאָרענע פאַרן יידישן פאָלק, אָבער די וועלכע זיינען געבליבן אין דער יידישער מחנה האָבן אָנ־גענומען דעם יידישן וועלט־באַנעם מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. איצט איז אָבער די לאַגע געווען אַן אַנדערע: עס איז געקומען צו אַן איבערבראָך ביי די, וואָס זיינען געבליבן אין דער יידישער מחנה. עס זיינען אויפגעקומען יידן, וואָס האָבן געלעבט אין אַ יידישער סביבה, געווען צוגעבונדן צום יידישן לעבן און אָפּגעלייקנט דעם גאַנצן יידישן מהות.

אָבער נאָך אַ טיפערער איבערבראָך אין יידישן לעבן איז געווען די באַציאונג פון די אויפגעקלערטע צום גלות. די משכילים האָבן מיט אַמאָל דערפילט אַז דער גלות איז אַן אומזיניקער יאָך, ניט קיין שטראָף פאַר זינד, וואָס וועלן זיי ווען עס איז פאַרגעבן ווערן, נאָר אַ חרפה אַרויפגע־צוואונגען אויף יידן פון שונאים. אויב מיר ווילן לעבן ווי מענטשן, דאַרפן מיר זיך באַפרייען פון דעם אומגליק (77).

יידן האָבן מיט אַמאָל געוואָלט איינשטעלן אַן אַנדער באַציאונג מיט די פעלקער אַרום. די אַלטע יידישקייט האָט זיך ניט געפילט ווי אַ שותפטע צו די גויישע מדינות. איר לאַנד און מלוכה זיינען געווען רעליגיעזע אידעאַלן. ביז משיח וועט קומען איז אויף איר הל דער גזר פון גלות. זי האָט געגאַרט אויסגעלייזט צו ווערן, אָבער די אויסלייזונג דאַרף קומען דורך קיבוץ גליות.

די נייע יידן האָבן אָבער געוואָלט ווערן אַ טייל פון לאַנד וואו זיי וואוי־נען. זיי האָבן געשטרעבט צו אַ גאולה, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט ארץ־ישראל, מלכות בית־דוד, אַ גאולה וואָס פאַרבינדט אַלע יידן. די משכילים האָבן געשטרעבט צו מאַכן דאָס פרעמדע לאַנד אויס פרעמד. זיי האָבן געוואָלט באַזעצן זיך, געפינען אַ נחלה צווישן די פעלקער וואו זיי וואוינען.

יידן האָבן שוין מער ניט געגלייבט, אַז די שכינה איז אין גלות מיט זיי און ליידט מיט זיי. וויבאַלד אַז די שכינה איז ניט מיט זיי אין גלות, איז ניטאָ קיין האָפענונג אויף גאולה. דער איינציקער אויסוועג איז צו זען איינצושטעלן אַ נאָרמאַל סעקולאַר לעבן ווי אַלע פעלקער. די משכילים האָבן געגלוסט נאָך אַזאַ לעבן, אַ לעבן, וואָס דער גוף און זיינע הצטרכותן שטייען

(77) אַ סך ברייטער רעדט אַרום דעם ענין יחזקאל קויפמן אין גולה ונכר, איבערהויפּט אין די ערשטע פופציק זייטן פון צווייטן באַנד.

אין צענטער פון דער וועלט. זיי האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף יידישן וועלט־באַגריף מיט גויישע אויגן: יידישער ווידערווילן צו גוואַלד־מעשים, די פאַר־אַכטונג צו מאַכט איז ביי זיי אין די אויגן געוואָרן פשוטע פּחדנות.

יידן האָבן שוין מער ניט געוואָלט זיין גאָטס קינדער. זיי האָבן פּסיכאָ־לאָגיש מער ניט געקאָנט טראָגן דעם ספּעציפישן יאָך, וואָס גאָט האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. זיי האָבן ווידער געוואָלט ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער ערד.

דער פאַרלאַנג צו ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער האָט זיך קאָנקרעטיזירט אין פאַרשיידענע באַוועגונגען: אַסימילאַציע, רעפאָרם־יידישקייט, סאָציאַליזם, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין די וואוין־ערטער, טעריטאָריאַליזם און ציוניזם.

פון אַלע באַוועגונגען איז ציוניזם געווען מער מסוגל צו פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע פון פאָלק. סאָציאַליזם האָט צוגעזאָגט גאולה דורך נאָרמאַליזירונג. אָבער דאָס נאָרמאַלע לעבן האָט געדאַרפט קומען דורך אַ דרויסנדיקער קראַפט. יידן אַליין האָבן דאָן ניט געקאָנט ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אויטאָנאָמיע אין די וואוין־לענדער איז אויך ניט אין גאַנצן ווי אַלע אַנ־דערע פעלקער, וואָס זיינען די גאַנצע באַלעבאַטים אויף זייער לעבן. אויב ככל הגויים — ווי אַלע אַנדערע פעלקער — איז צוריק צו אַן אייגן לאַנד, אַ מלוכה, אַ קעניגרייך, אַן אייגן סעקולאַר לעבן; אויס גאָטס קעניגרייך — צוריק צו ערדישער מדינה.

נאָר טעריטאָריאַליזם האָט געקענט קאָנקורירן מיט ציוניזם און טאַקע אויף אַ קורצער צייט שטאַרק קאָנקורירט מיט ציוניזם. אַפילו איצט זיינען נאָך דאָ רעשטלעך פון דער טעריטאָ יאַליסטישער באַוועגונג. עס קאָן זיין, אַז דער טעריטאָריאַליזם קאָן אַמאָל נאָך ווערן אַ גרויסער פאַקטאָר אין יידישן לעבן.

ציוניזם האָט געהאַט די מעלה, וואָס ארץ ישראל איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט יידישער געשיכטע. די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געקאָנט פרעטענדירן אויף קאָנטינואיטעט — אָנהייבן וואו מען האָט אויסגעלאָזן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. ארץ ישראל, ציון, ירושלים, גאולה — דאָס זיינען געווען אַלץ טערמינען, וואָס יידן האָבן באַנוצט טאָג־טעגלעך אין זייערע תפילות; האָבן עס געפונען אין זייערע ספרים, וואָס זיי האָבן געלערנט און אַריינגעקוקט. ס'איז געווען גאָר גרינג צו נעמען די אַבסטראַקציעס און אַריינטייטשן אין זיי גאָר אַן אַנדער מיין. יידן, דורך זייער לאַנגער טראַדיציע, זיינען געווען צוגעוווינט צו אַזעלכע אויסטייטשונגען, פאַרטייטשונגען און

אַריינטייטשונגען. דאָס האָבן זיי פריער געטאָן אין לערנען גמרא, פּוסקים און מדרש און איצט האָט איבערגענומען די מאָדערנע ליטעראַטור די ראָלע פון אויסטייטשן און איבערשאַצן די אַלטע ווערטן. די ליטעראַטור האָט עס געטאָן בשלמות.

שוין גאָר די ערשטע טריט פון די חובבי ציון זיינען געווען טיף רע־וואָלוציאָנערע. אויב ניט גאָר קלאָר און אויסגעשפּראָכן איז געווען זייער פּראָגראַם איז אָבער באַלד שוין אין זייער ראָמאַנטישן פּעריאָד געווען דאָס קערנדל פון דעם שפּעטערדיקן פּאָליטישן ציוניזם — איינעמען אַ לאַנד פאַר יידן. די גאַנצע פּאָלעמיק צווישן אחד־העמען און הערצלען, אויב מען קוקט אויף איר דורך אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, איז באמת נאָר וועגן „קליינ־קייטן". אַחד־העם גיט צו אָפן און קלאָר, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ פראַגע פון טאַקטיק. סוף־כל־סוף איז דער ענדציל פון די חובבי ציון דער זעלביקער ווי פון די פּאָליטישע ציוניסטן — קריגן אַ לאַנד און גרינדן אַ מדינה:

„פאַר דעם צוועק קאָן נאָך דאָס יידנטום, דערווייל, זיך באַנוגענען מיט קלייניקייטן און עס דאַרף ניט קיין מדינה — עס דאַרף נאָר שאַפן אין דעם לאַנד פון זיין געבוירן (בארץ מולדתה) פּאַסיקע אומשטענדן פאַר זיין אַנטוויקלונג: אַ היפּשן קיבוץ פון יידן, וואָס קאָן אַרבעטן אָן אַ שטער אין אַלע צווייגן פון קולטור, פון ערד־אַרבעט, אַלערליי באַשעפטיקונגען, אויך קונסט און וויסנשאַפט. אָט דער קיבוץ וועט זיך ביסלעכווייז, ביסלעכ־ווייז פאַרגרעסערן און מיט דער צייט וועט ער ווערן דער צענטער פונעם פאָלק, אין אים וועט זיך רעאַליזירן זיין ריינער גייסט וואָס וועט זיך אַל־זייטיק אַנטוויקלען און וועט דערגרייכן די העכסטע שלמות. פון דעם צענטער וועט אַריינדרינגען דער גייסט פון יידישקייט צו אַלע קהילות פון גלות, זיי אויפלעבן און אויפהיטן זייער אייניקייט. און ווען די נאַציאָנאַלע קולטור אין ארץ ישראל וועט דערגרייכן אַזאַ מדרגה, קאָנען מיר זיין זיכער אַז פון איר וועלן אַרויסקומען מענטשן, וואָס וועלן זיין פּאַסיק אין דער גינסטיקער צייט צו גרינדן דאָרט אַ מדינה אין יידישן גייסט" (78).

ס'איז קלאָר, אַז ביידע באַוועגונגען, דער פּאָליטישער ציוניזם און די חובבי־ציון־באַוועגונג האָבן געהאַט איין צוועק: פאַרנעמען אַ לאַנד, וואָס זאָל ווערן אויסשליסלעך יידיש. ביידע זיינען באַשטאַנען ניט צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל אין שכנות ביים הערשנדיקן פאָלק, ניט צו וואוינען דאָרט אין אַ געטאָ, וואָס זאָל זיין באַשיצט דורך דעם חסד פון הערשנדיקן פאָלק; ניט

(78) על פרשת דרכים, חלק שני: „מדינת היהודים וצרת היהודים", זז' 28, 29.

צו שאַפן אַ צייטווייליק וואוינאָרט, ווי אַלע אימיגראַנטן שאַפן ביז זיי אַסימילירן זיך.ביידע האָבן געצילט איינצונעמען אַ לאַנד, וואו דאָס יידישע פאָלק זאָל זיין דער באַלעבאָס אויף זיין אייגענעם גורל. די מעטאָדן זיינען ניט וויכטיק.

אחד העם איז קעגן הערצלס פּלאַן — צו קריגן אַ יידישע מדינה דורך אַ טשאַרטער — צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, איז עס ניט פּראַקטיש; צווייטנס, ווייל דר. טעאָדאָר הערצל איז געקומען ווי אַ פּרעמדער, אַ דרויסנ־דיקער. ער וויל גרינדן אַ יידישע מלוכה ווי אַלע ניט־יידישע מלוכות, און דאָס איז קעגן יידישן גייסט, וואָס האָט אַן אייגנאַרטיקע יידישע עטיק.

די ערשטע אויסזעצונג איז ניטאָ וואָס צו באַטראַכטן. היס־טאָריש האָט זיך אַרויסגעוויזן הערצלס פּלאַן אַזוי פּראַקטיש ווי אחד־העמס. די צווייטע אויסזעצונג, דער צווייטער טעם, איז כולו מוקשה, אין גאַנצן מאָדנע לויט דעם מהות וואָס אחד־העם האָט וועגן יידישקייט.

אחד העם קוקט דאָך אויף יידישער עטיק בלויז ווי אויף אַ מיטל, וואָס די יידישע אומה האָט אָנגענומען כדי אָנצוהאַלטן איר עקזיסטענץ. ער מיינט, אַז דער עיקר איז קיום האומה. צוליב קיום האָט דאָס יידנטום אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמעס (אַט ווי געוויסע חיות נעמען אָן דעם קאָליר פון זייער אומגעבונג צוליב צופּאַסונג), ווי מיטלען צו בלייבן לעבן. איינס פון די מיטלען איז יידישע עטיק. וויבאַלד אַזוי, איז וואָס־זשע מאַכט עס אויס אויב מלוכה וואָס איז ניט לויטן יידישן גייסט וועט אויפהאַלטן דאָס פאָלק?!

אחד העמס מיינונג איז ניט נאָר אַנדערש פון דער קאָנאַניזירטער אָנגע־נומענער מיינונג פון תנ״ך און תלמוד, נאָר אויך אין אַ סתירה מיט די מיי־נונגען פון יידישע היסטאָריקערס. מאַרטין בובער שרייבט:

„מיט אַ ספּעציעלן קוק האָט ישראל דערזען אַ באַשטימטן שטריך אין זיין כאַראַקטער און האָט אָנגענומען ווי אַ באַפעל פון אויבן, און דער באַ־פעל איז געווען אַזוי רעאַל און קאָנקרעט, אַז ער האָט ניט געקענט צופרידנ־שטעלן זיין זעל מיט דעם וואָס זי וועט אויספאָלגן דעם באַפעל בלויז אויף אַ סימבאָלישן אופן 79).

אויך לויט שמעון דובנאָוון האָבן יידן באַוואוסטזיניק אַנטוויקלט די אַנדערשקייט אַפילו אויפן חשבון פון מלוכה. זיי האָבן אַנטוויקלט אַ נאָמאַ־קראַטיע — די הערשאַפט פון געזעץ, ווייל דורך דעם האָט דאָס פאָלק געקענט געקענט בעסער רעאַליזירן גאָטס קעניגטום:

(79) מאַרטין בובער משה זז׳ 21, 22.

„נאָך אַ לאַנגער מלחמה אין פאָלק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אייגנ־אַרטיקע גייסטיקע בייגונג: אַ נייגונג צו שאַפן אַ פאָלק אין אויסזען און געשטאַלט פון גאָט, דער הערלעכער אידעאַל פון די נביאים. דער גאָט פון די נביאים איז ניט בלויז דער שר פון דער אומה, ער איז דער גאָט פון דער וועלט. ער שאַפט און פירט די וועלט און די פעלקער לויט מוסרישע געזעצן, וואָס זיינען געבויט אויף אמת און צדק. אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן ווירקן אין פאָלק „די נביאים פון אמת און גערעכטיקייט", אין דער צייט וואָס צווישן אַנדערע פעלקער באַטאָנען זייערע נביאים גבורה און שיינקייט. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערן צייטיק די קערנער אין דעם באָדן פון דער אומה — און מיר האָבן פאַר זיך אַן אייגנאַרטיקע היסטאָרישע שאַפונג: אַ קליין, אָרעם פאָלק אין זיין מדינהשן פאַרנעם און אַ גרויס פאָלק אין זיין גייסטיק געשטאַלט. עס שטייט אין אַ שטורעמדיקן ים און ראַנגלט זיך פאַר זיין עקזיסטענץ" (80).

אָבער אחד העם מיינט, אַז דער פּראָצעס איז אַ פאַרקערטער: יידן האָבן געוואָלט לעבן זיינען זיי דערפאַר געוואָרן אַנדערש.

„צוליב נאַציאָנאַלן קיום איז אַמאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן, ווי אַן עיקר מדינה, אַמאָל מאָנאָטעאיזם. אַז די מדינה איז אונטערגעגאַנגען האָט זיך דאָס יידישע פאָלק אָנגעגרייט פאַסיקע גלות־מכשירים, אַפילו מידות פון אויסדויער, קהלשע אייניקייט, קהילה־לעבן; אויך די באַגריפן פון דער נייער צייט: יידישע מיסיע אין מערב, נאַציאָנאַליזם אין מזרח־אייראָפּע זיינען אַלץ מיטלען אין די הענט פון דעם, וואָס שטייט אויף דער וואַך אָנצוגרייטן די רפואה פאַר דער מכה, אַז איידער איין מויער וועט איינפאַלן זאָל שוין אַן אַנדער מויער זיין אויפגעשטעלט פון אינעווייניק (81).

לאָגיש האָט אחד העם געדאַרפט זיין אייגער, וואָס פּרעדיקט אַ סעקולאַרע יידישע מדינה. וויבאַלד אַז די הויפּט־טרייבקראַפט אין דער יידישער געשיכטע איז געווען לאומיות — נאַציאָנאַליזם. אַלע עטישע און מסורישע ווערטן — די גאַנצע אייגנאַרטיקע יידישע גייסטיקע אַנטוויקלונג זיינען

(80) העתיד, מאסף ספרותי, מדעי, ספר רביעי, שמעון דובנאָוו: סוד הקיום וחוק הקיום של עם ישראל. אָט דער מאמר איז טיילווייז אין סתירה צו דובנאָווס אייגענער שיטה פון קיום, וואָס ער גייט נאָך אין זיין „וועלט געשיכטע פון יידישן פאָלק". זע אַריינפיר ז' 19, באַמערקונג נומער 5. א. לאָוב, פאַרלאַג קאָמפּאַניע, ניו־יאָרק, 1948.

(81) מ. גריניץ: משנתו הלאומיות של אחד העם: הדואר, גליון היובל, תש"ז, ז' 797.

געווען בלויז מיטלען אויפצוהאַלטן דאָס יידישע פאָלק, איז וואָס פאַר אַן אומגליק אויב די אַלע ווערטן וועלן אָפּגעשאַפט ווערן, אַבי דאָס פאָלק זאָל בלייבן? מיטלען וואָס פאַרלירן זייער נוצבאַרקייט מעג מען דאָך פאַר־וואַרפן (82).

אָבער אחד העם איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון מדינה דווקא צוליב עטישע טעמים:

„און ניט נאָר דאָס אַליין, נאָר מען מעג אין גאַנצן צווייפלען אין דער עיקר־זאַך, אַז גרינדן אַ יידישע מדינה אין אונדזער צייט — און זאָל זיין אין דער פּערפעקטסטער פאָרעם, וואָס מיר קענען זיך נאָר פאָרשטעלן, נאָכן היינטיקן וועלט־מצב נאָך — וואָלטן מיר געקענט זאָגן, אַז עס איז געלייזט געוואָרן אונזער פראַגע און דער נאַציאָנאַלער אידעאַל איז דערגרייכט גע־וואָרן. „לויטן צער איז דער שכר" — נאָך טויזנטער יאָרן פון צרות אוןליידן אַן אַ מאָס איז מעגלעך, אַז ישראל וועט זיין צופרידן מיט זיין חלק, ווען סוף־כל־סוף וועט ער דערגרייכן צו דער מדרגה פון אַ קליין, נידעריק פעלקעלע, וואָס זיין מדינה איז ווי אַ שפּילבאַל אין די הענט פון זיינע שטאַרקע שכנים און האַלט זיך אויף בלויז נידערטרעכטיקער דיפּלאָמאַטיע און שטענדיקער הכנעה צו יענעם, וואָס האָט די אייבערהאַנט אין יענער צייט? עס איז אומ־מעגלעך פאַר אַן אַלט פאָלק, וואָס איז געווען דער פאַקל פאַר פעלקער, צו באַ־נוגענען זיך, ווי אַ באַלוינונג פאַר אַלע זיינע ליידן, מיט אַזאַ קליינינקייט, וואָס אַנדערע פעלקער אָן אַ נאָמען און אָן אַ ציוויליזאַציע, האָבן עס דערגרייכט אין אַ קורצער צייט, ניט געליטן קיין טראָפּן פון דעם, וואָס ער איז אויסגע־שטאַנען. ניט אומזיסט זיינען אויפגעשטאַנען נביאים ביי יידן, וואָס האָבן געזען די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט וועט הערשן אויף דער וועלט אין דעם סוף פון די טעג. זייער נאַציאָנאַליזם, זייער ליבשאַפט צו לאַנד און פאָלק האָט זיי געבראַכט צו דעם געדאַנק. אויך דעמאָלט איז די יידישע מדינה געווען צווישן „די ציינער פון לייבן", אשור און בבל פון איין זייט און מצרים

---

(82) אין זשורנאַל בצרון, חוברת ט', אב-אלול תש"ז שרייבט אריה סימון, אַז אחד העם האָט געטרוימט אַ גאַנץ לעבן אָנצושרייבן אַ וואָגיק ווערק וועגן יידישער עטיק. ער האָט געמיינט, אַז אין לאָנדאָן וועט ער עס טאָן. אָבער די אומ-שטענדן אין לאָנדאָן זיינען געווען אַזעלכע, אַז אחד העם האָט ניט געקאָנט פאַר-ווירקלעכן זיין חלום. אויף דעם האָט באַמערקט, מינדלעך, פּראָפעסאָר ראובן גאָרדיס: מענטשן האָבן געשריבן אונטער ערגערע באַדינגונגען. אָבער עס קאָן זיין, אַז פּסיכאָלאָגיש האָט אחד העם ניט געקאָנט אָנשרייבן אַ גאַנצע אַרבעט וועגן יידישער עטיק. אחד העם האָט געהאַלטן, אַז יידישע עטיק איז ניט מער ווי אַ מיטל פאַר אַ צוועק. ווי שטאַרק מען האַלט פון אַ מיטל איז עס פאָרט בלויז אַ טפל זאַך.

פון דער אַנדערער זייט. און ס'איז ניט געווען קיין האָפענונג צו לעבן אין שלום און צו אַנטוויקלען זיך אויפן פאַסיקן וועג. דערפאַר איז „ציוניזם" פאַרברייטערט געוואָרן אין דעם האַרצן פון די נביאים און זיי האָבן אויפגעשטעלט די נבואה פון „באחרית הימים" — אין דעם סוף פון די טעג וועט וואוינען אַ וואָלף מיט אַ שעפּס און אַ פאָלק וועט ניט אויפהייבן קיין שווערד קעגן אַן אַנדער פאָלק — און ישראל וועט זיצן רואיק אויף זיין לאַנד. דער אידעאַל פון דער מענטשהייט איז געווען און וועט זיין דערפאַר איבערגוואָלד אַ טייל פון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק פון יידישן פאָלק. „אַ יידישע מדינה" קאָן נאָר אים ברענגען רו נאָר דעמאָלט ווען די וועלט־גערעכטיקייט וועט זיצן אויפן טראָן און וועט געוועלטיקן איבער פעלקער און מדינות" (83).

אַחד־העמס קעגנערשאַפט צו מלוכה איז שוין ניט צוליב דעם, ווייל מען קען זי ניט קריגן, נאָר ווייל ביי די איצטיקע, ניט יושרדיקע אומשטאַנדן, איז ניט כדאי זי צו קריגן, ווייל זי וואָלט געמוזט זיין קעגן דעם יידישן גייסט. ווען זאָלן יידן פאַרלאַנגען און רעאַליזירן מלוכה? ווען די „וועלט־גערעכטיקייט" וועט זיצן אויפן טראָן און וועט געוועלטיקן איבער פעלקער און מדינות". דאָס איז דאָך דער משיח פון די פרושים, וואָס מיר וואַרטן און האַרן אויף אים און אַז ער קומט, איז ער אַ פאַלשער.

אָט דער אַלטער משיחיזם האָט שוין מער ניט געקאָנט פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע פון פאָלק. דער טייל אין דער יידישער אומה, וואָס איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט מער ניט געגלייבט אין די אַלטע הבטחות. ציוניזם איז בעצם געווען אַן אַפּיקורסישע און סעקולאַרע באַוועגונג. דר. הערצל, דער דרויסנדיקער, וואָס האָט געקוקט מיט מערב־אייראָפּעאישע אויגן אויף דער יידישער פּראָבלעם, האָט געקאָנט בעסער רעדן צום פאָלק, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם אַלטן גלויבן, ווי אחד העם, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אַלטן משיחיזם. חוץ דעם האָט דער ברייטער עולם דערפילט אינסטינקטיוו, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם לפנים גרויסן ריס צווישן אחד־העמען און הערצלען, איז אין תוך אחד־העם, וואָס האָט געשטעלט דעם קיום פון יידן אויף נאַציאָנאַליזם, ניט געווען אידעאיש ווייט פון הערצלס פּאָליטישן ציוניזם. אחד העם, מיט זיין פריידיקן עטיק ווי אַ מיטל פאַר קיום, איז געווען פּונקט אַזאַ סעקולאַריסט ווי הערצל.

(83) אחד העם: על פרשת דרכים, חלק ג', „הקונגרס הציוני הראשון", זז' 53, 54.

דער אַלטער שטראָם, די אַלטע שטרעבונג פון „מיר ווילן זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער" האָט, נאָך טויזנטער יאָרן איינשלאָפן, צוריק אויפגע־וואכט. די חובבי־ציון באַוועגונג און דער פּאָליטישער ציוניזם — ביידע, פּאַציפיסטישע אין תוך, זיינען בעצם געווען אַ רעזולטאַט פון אָט דעם אויפ־לעב. אָבער דאָס פאָלק איז געגאַנגען ווייטער: מיר מוזן קריגן אַ מדינה און אַ לאַנד און ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער. ווען מען קריגן דאָס לאַנד, ווי אחד־העם האָט געוואָלט, אין די ראַמען פון יידישער עטיק, איז מהיכא־תיתי; ווען מען קריגן דאָס לאַנד לויט דעם פרידלעכן פּלאַן פון הערצלען איז אויך גוט. אויב אָבער מען ווען דאַרפן באַנוצן גוואַלד, איז אויך קיין אומגליק ניט — אַנדערע פעלקער האָבן עס אויך געטאָן. דער אויפשטייג פון רעוויזיאָניזם איז ניט קיין צופעליקע דערשיינונג.

כדי צו קאָנען אויפנעמען דעם נייעם גאולה־באַגריף, האָט מען געדאַרפט איבערשאַצן די יידישע ווערטן און גאַנץ היפּש אויסליידיקן דאָס יידישע לעבן. דאָס איז געווען אַ שווערער ענין. אָבער די פּאָעטן און טיילוויז די דערציילערס, אויך די יידישע פּובליציסטן האָבן עס גאַנץ גרינגטלעך דורכ־געפירט. יידישע טעאָרעטיקערס פון ציוניזם האָבן קיינמאָל אין גאַנצן ניט געקאָנט אָפּלייקענען דעם ספּעציפישן יידישן קוק אויף לאַנד, מלוכה און מדינה. אָבער דיכטערס, בעלעטריסטן און פּובליציסטן זיינען ניט מחויב זיך צו פאַרטיפן אין יידישע מקורים. די וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט מיט די מקורים האָבן אויסגעטייטשט די אַלע זאַכן פּאָעטיש. דער מאָדערנער שרייבער איז ניט אַלע מאָל דאָס געוויסן פון פאָלק. אָפט, גאָר צו אָפט איז ער בלויז „דער נביא פון אייביקן היינט" (84).

ווי ווייט מיר איז באַקאַנט איז יהודה לייב גאָרדאָן געווען דער ערשטער דיכטער, וואָס האָט געזען, אַז דער נביאישער באַגריף פון גאָטס קעניגטום האָט אונטערגעגראָבן די וועלטלעכע, די סעקולאַרע מלוכה פון די יידן. אין זיין פּאָעמע „צדקיהו בבית הפקודות" (צדקיהו אין געפענקעניש) איז דער משורר אויפן צד פון צדקיהון, דעם פאַרשטייער פון וועלטלעכער מאַכט, וואָס שטעלט זיך קעגן ירמיהון. י. ל. גאָרדאָן מאַכט גאַנץ קלאָר פאַרן לייע־נער, אין אַ באַמערקונג צו דער פּאָעמע, אַז „די שיטה פון ירמיהון אין דער צייט פון ערשטן חורבן איז די זעלביקע שיטה פון רבי יוחנן בן זכאי אין דער צייט פון צווייטן חורבן. ביידע, דער נביא ירמיהו און דער פירער פון די פּרושים, רבי יוחנן בן זכאי, האָבן געהאַט די זעלביקע כוונה — צו פאַר־

(84) לויט ה. לייוויקס כאַראַקטעריסטיק פון פּאָעט, וואָס גייט אַלעמאָל מיט דער צייט. זע „די יאולה קאָמעדיע" די געשטאַלט ארמילוס.

שטאַרקן די פונדאַמענטן פון דער אמונה און אָוועקשטעלן זי ווי אַ פאַר־זיכערונג אויף דעם אָרט פון מלוכה וואָס האַלט אין פאַלן". אָבער אָן דער דערקלערונג אין דער באַמערקונג ברענגט אַרויס דער שיר גאַנץ קלאָר דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם משורר.

די פּאָעמע שילדערט דעם געמיט־צושטאַנד פון קעניג צדקיהו נאָך דעם ווי נבוכדנאצר האָט אים בלינד געמאַכט און אים פאַרשפאַרט אין געפענקעניש. דער בית־המקדש איז פאַרברענט; דעם קעניגס זין האָט מען געקוילעט פאַר זיינע אויגן. דאָס פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. דער פאַרשפאַרטער בלינדער קעניג גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון. ער רעדט צו זיך:

„יאָ, אַ גרויס אומגליק איז געקומען, אָט ווי ירמיהו האָט פאָרויסגע־זאָגט. דאָס לאַנד איז פאַרוויסט, דער בית־המקדש איז פאַרברענט, דאָס פאָלק איז פאַרטריבן און מיינע צוויי זין האָט נבוכדנאצר געקוילעט פאַר מיינע אויגן. פאַרוואָס? ווייל איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן צו ירמיהון? און וואָס וויל דער נביא פון ענתות? שבת זאָל מען ניט טראָגן. איז עס גע־ווען אַ צייט פון שבתים און יום־טובים? באַלאַגערט איז געווען דאָס לאַנד, די שטעט פאַרוויסט, די ערד־וואַלן האָבן דערגרייכט צו די טויערן פון הויפּט־שטאָט, די מלוכה איז געווען אין סכנה, עס ווערן צעשטערט די גרונטן — און ער שטייט אין טויער און שרייט אין די אויערן פון אַלע די וואָס קומען אַהין: „איר זאָלט ניט טראָגן אום שבת!" און איך האָב זיינע רייד געוואויגן און געמאָסטן; איך האָב געפרעגט שריהן און צפניהן, די האָרן, און זיי האָבן די רייד אויך ניט געקענט באַנעמען. ווי אַזוי קענען מיר געראַטעוועט ווערן, ווי אַזוי קענען מיר געהאָלפן ווערן, ווי אַזוי קאָן בלייבן די שטאָט אויף אייביק, אַז מיר וועלן שבת קיין משא ניט טראָגן?"

„איך זע אין סוף פון די טעג" — ירמיהוס רייד וועלן מקויים ווערן. דער בונד מיט גאָט וועט בלייבן, די מלוכה וועט אָפּגעשאַפט ווערן. דאָס אָרט פון רוט פון מושל וועט ירשענען דער טינטער. דאָס גאַנצע פאָלק — געלערנטע, וויסן דעם דין און זיינען געניט אין ספר, אָבער פאַרשטויסן זיינען זיי, צעריבן אויף שטויב, אויף אַש... איך זע... אוי, פאַרוואָס ווען מען האָט מיינע אויגן אויסגעשטאָכן האָט מען אויך מיין שכל ניט אָוועק־גענומען?" (85).

---

(85) כל שירי יהודה ליב גורדון, הוצאת דביר, תר"ץ, ספר שלישי, „צדקיהו בבית הפקודות", זייט קסט און ווייטער. די אַלע איבערזעצונגען פון די לידער זיינען אין פּראָזע און זיינען מיינע אייגענע.

י. ל. גאָרדאָן איז געווען פון די ערשטע. שפּעטער איז געקומען אחד־העם מיט אַ קאָמפּראָמיס. נאָך דעם זיינען געקומען די עקסטרעמיסטן: בערדיטשעווסקי, ברענער, טשערניכאָווסקי, שניאור און נאָך און נאָך.

„די שרייבער, אַזעלכע ווי בערדיטשעווסקי און ברענער, זיינען געווען קעגנער׳ס אַפילו צו אחד־העמס פּשרה. זיי האָבן געוואָלט צואיילן דאָס אַנטלויפן פון הייליקייט צו וואָכעדיקייט. ביי בערדיטשעווסקין איז געווען אַפילו „יידישע מאָראַל״ אַ דרויסנדיקער יאָך, וואָס די יידישע אומה דאַרף זיך פון אים באַפרייען, כדי זי זאָל קענען אַנקלייבן כוח אָפּטרייסלען פון זיך דעם שטויב פון גלות און לעבן אַ נייַ לעבן אין ישראל. „דער זיג פון גייסט איבער חומר״, „די הערשאַפט פון מאָראַל איבער חושים״, „די דערהייבונג פון מאַן פון רוח איבער דעם קריגסמאַן״ — די אַלע באַגריפן און אויסדרוקן פון „יידישער עטיק״ זיינען זאַכן, וואָס דער יידישער רענעסאַנס קאָן ניט פאַרליידן. אַ ריח פון רעליגיע טראָגט זיך פון זיי״ (86).

דער פאַרלאַנג צו זיין „ווי אַלע אַנדערע פעלקער״ און דאָס אָפּלייקענען אַלע עטישע ווערטן איז געקומען צום אויסדרוק צום בולטסטן אין דער דיכטונג פון זלמן שניאור און שאול טשערניכאָווסקי.

ס׳איז כדאַי צו ברענגען אַ פּאָר אויסצוגן פון די צוויי דיכטערס. זיי זיינען די בעסטע מוסטערן פון די „נביאים פון אייביקן היינט״.

צום ערשט שניאור. ער האָט אַ ליד וועגן חנוכה־נאַכט.

ס׳איז חנוכה. יידן בענטשן חנוכה־ליכט. אין דרויסן איז אַ שניי־שטורעם. אין דער זאַווערוכע באַווייזט זיך יהודה המכבי. ער איז פול מיט צאָרן. אין האַנט האַלט ער אַ שפּיז, גרייט דורס צו זיין יידן. נאָך אים לויפט נאָך אַ זקנה (יידישע געשיכטע אָדער כנסת ישראל). זי בעט זיך ביי אים, אַז ער זאָל ניט איבערשרעקן די יידן, אירע קינדער; זאָל ער אויף זיי ניט זיין אין כעס. יהודה המכבי רעדט מיט שום אויף די ליפּן צו איר פאַרוואָס זי האָט געלערנט יידן צו שטאַרבן אויף קידוש־השם, אָבער זי האָט זיי ניט געלערנט צו לעבן. און עס קומט פאָר אַ דיאַלאָג צווישן יהודה המכבי און דער זקנה. סוף־כל־סוף פאַרמעסט ער זיך מיט דער שפּיז אויף דער אַלטער, און דער דיכטער ענדיקט:

„וואָס איז דאָרט פאַר אַ בליאַסק פון אויפגעריסענע אויגן און אויפגעהויבענע מעסערס? וואָס איז עס פאַר אַ געשריי נאָך הילף און דאָס כאָרכ־

(86) הדואר גליון היובל תש״ז. הרב יעקב אייגוס: מרכז רוחני דתי, ז׳ 702, עמוד 3.

לען פון אַן איבערגעשניטענעם האַלדז? לאָמיר אַרויסגיין און אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט פון דעם פענצטער, אין שיין פון די ליכט־לעך" (87).

יהודה המכבי האָט געשאָכטן די אַלטע כנסת ישראל.

אין אַ צווייט ליד זעט זלמן שניאור אַן עשתורת אין אַ מוזיי און ער זינגט צו איר. קוקנדיק אויף איר דערמאָנט ער זיך אויף אַמאָליקער יידישער גרויסקייט און איצטיקער שיפלות. אַמאָל, זאָגט שניאור, האָט זי געזען, ווי אַ פאָלק איז געקומען איינגענעמען אַ לאַנד — אַ פאָלק געלערנט אין מלחמה. די עשתורת האָט אים פאַרפירט. זי האָט אים געקרייזלט די האָר פון קאָפּ און געוואָלט אים באַצויבערן. און דאָס פאָלק, וואָס איז געקומען איינגענעמען דאָס לאַנד, איז געווען יונג און שטאַרק און איז באַצויבערט גע־וואָרן אויף אַ ווייל און האָט געזינדיקט. באַלד האָט עס זיך אָבער אויפגעכאַפּט און גענומען נקמה פאַר זיין מאָמענטאַלער שוואַכקייט און אויסגעקוילעט די פּריסטערינס פון דעם געץ. שניאור ענדיקט דאָס ליד:

„דאָס האָסטו געזען אין דיין יוגנט, אָבער נאָך דעם, ווי דו ביסט אַ סך יובלים געשלאָפן אין חורבות פון דיינע טעמפּלען, האָסטו ניט געזען, אַז דער באַזיגער פון כנען איז געוואָרן אַ גוטער גאָט און אַ ווייכער און אַ זי־כערער אין זיין שוואַכקייט. דער הייליקער האָט ליב, ער פאַרמיאוסט גיבורים, ער איז מוחל זיינע פאַרפאָלגערס און חרוב־מאַכערס. ער גיט די לינקע באַק ווען מען פּאַטשט אים אויף דער רעכטער. ער איז אַ גאָט, וואָס גיט איבער זיינע ריינע אין די הענט פון די אומריינע און גיט איבער דאָס לאַנד אַ ירושה צו די וואָס קוילען זיינע פרומע. אַ קראַנקע און טרויעריקע שכינה האָט ער מיטגענומען מיט זיך, אין גלות, צו זיין אַ באַגלייטערין זיינע. און אַלע מאָל איז זי אָנגעטאָן אין שוואַרצן. ווען מיר לעבן און ווען מיר שטאַרבן — אַלע מאָל טראָגט זי שוואַרצס. און אין אַ טאָג פון צרה ברומט זי און טרייסט און זאָגט צו אייביק לעבן צו דעם, וואָס ווערט געהרגעט אָדער ווערט פאַרברענט אויף קידוש־השם. און איין מזמור האָט זי: „לעתיד לבוא". אויף יעדן ווייטיק־בעטל ברומט זי דאָס זמרל. יעדן ווייטיקדיקן האַרץ שלעפּערט זי איין, און דעם איינגעקעקשנטן צו לעבן, צו זיג, קאָן זי ניט העלפן (88).

שניאור קלאָגט, וואָס דער גאָט פון ישראל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גאָט פון רחמים. דער דיכטער האָט אַפילו צוגעמישט אַ ביסל קריסטלעכ־

(87) זלמן שניאור: פּרקי יער, „בליל חנוכה", ז' 195.
(88) דאָרט „תלונה", זז' 213, 214.

קייט: „ער גיט די לינקע באַק ווען מען פּאַטשט אים אויף דער רעכטער", אַלץ כדי צו פאַרמיאוסן יידישן פּאַציפיזם און אייגנאַרטיקן באַגריף פון גבורה. אָבער קיין געצנדינער איז דאָך שניאור ניט. זיין אידעאַל איז: „צוריק צו די חשמונאים", וואָס האָבן פּאַרט געהאַלטן פון יידישן גאָט. אַפילו שניאורס „באַזיגער פון כנען" האָבן שוין אַ יידישן גאָט. שניאור וויל דעם אַלטן קריגערישן גאָט, וואָס איז אויך דער גאָט פון גערעכטיקייט. דער דיכטער איז דאָך אַ פּראָדוקט פון יידישן שטעטל וואו בלויז חומר איז געווען דער־ווידער דעם יידישן מענטשן.

אין גאַנצן ניט־יידיש איז שאול טשערניכאָווסקי. פאַר אים זיינען די חשמונאים צו פיל יידיש, צו פרום.

„— וואָס זיינען מיינע בלוטן, וואָס זידן אין מיר? דאָס בלוט פון די מאַקאַבייערס? ניין! מירמלנע געטשקעס זיינען ביי מיר הייליק" (89).

טשערניכאָווסקי האַלט, אַז דאָכ גרעסטע וואָס אַ מענטש קען דער־גרייכן איז פאַלן אויפן שלאַכטפעלד אין אַ מלחמה. וואויל איז דעם מענטשן, זאָגט ער, וואָס קערט זיך אום צוריק פון מלחמה און קאָן הנאה האָבן פון דעם רויב און פּלינדער, וואָס ער האָט געבראַכט, אָבער נאָך וואוילער איז: —

„דעם מאַן, דער אויסדערוויילטער פון דעם נביאס (מוחמד) רייטער, וואָס אויפן שלאַכטפעלד האָט ער געפונען אַ קבר, וואָס קניט, ווי עס קניט אַ יונגער לייב. וואויל איז אים, וואָס פאַלט אין דער מחנה פון די ערשטע טויזנט אין דעם טאָג פון גרויס אויסשלאַכטונג, ביז זיין פּאַן איז ריין פון אומרעכט, ווי ריין עס זיינען די, וואָס גייען אין מלחמה" (90).

אָוודאי זיינען ביי טשערניכאָווסקין פאַראַן אויך לידער מיט אַ יידישן גייסט, אַפילו לידער, וואָס באַזינגען דאָס אידילישע לעבן פון די שטעטלעך. אָבער דער הויפּט־מאָטיוו פון זיינע לידער איז צוריקקער צו דער פאַרהיס־טאָרישער צייט פון יידישער געשיכטע, צוריק צו געצנדינסט. פאַרלאָזן דאַרף מען פאַרלאָזן אַפילו דעם גאָט פון די נביאים.

אין זיין באַרימט ליד: „פאַר דעם געץ אַפּאָלאָ" (לנוכח פסל אפולו), באַקלאָגט זיך דער דיכטער, וואָס דעם ווילדער גאָט פון מדבר, דעם גאָט, וואָס האָט איינגענומען כנען האָט מען איצט געבונדן אין רצועות פון תפילין. דאָס ליד האָט ער געשריבן אין דער יוגנט. אָבער צוואַנציק יאָר שפּעטער,

---

(89) כל שירי טשרניחובסקי, תל אביב, „מנגינה לי", קצג.

(90) דאָרט, ז' 227.

אין די דרייסיקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט, שרייבט ער נאָך שאַר־פערע לידער. אויב אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז טשערני־כאָווסקי געווען דער פּאָרזיסזאָגער פון דעם קומענדיקן יונגן דור, איז ער אין די דרייסיקער יאָרן געוואָרן דאָס קול פון דור.

די נביאים פון תנ״ך זיינען ניט טשערניכאָווסקיס נביאים. זייער באַגריף איז דאָך געווען, אַז אַ זינדיק פאָלק פאַראומרייניקט דאָס לאַנד אויף וועלכער ער וואוינט. קיין פּאַטערלאַנד איז ניט הייליק סיידן דאָס פאָלק פירט זיך אויף לויט די געבאָטן פון גאָט:

„און איך האָב אייך געבראַכט אין אַ לאַנד פון פעלדער און וויינגערטנער און איר זענט געקומען און פאַראומרייניקט מיין לאַנד, און מיין נחלה האָט איר געמאַכט פאַר אַן אומרייניקייט“ (ירמיהו ב׳, ז).

„דו מענטשנזון, דאָס הויז פון ישראל זיצנדיק אויף זייער ערד האָבן זיי זי פאַראומרייניקט מיט זייערע וועגן און מעשים“ (יחזקאל ל״ו, יז).

טשערניכאָווסקי שטורעמט אויף די נביאים:

„איז אַזוינס געווען אויף דער וועלט, איז אַזוינס געהערט געוואָרן זינט מענטש איז אויסגעפורעמט געוואָרן פון ליים? צו אַ זון, וואָס האַלט זיך אויף אין זיין לאַנד ווערט געזאָגט: „הער אויף אומריין צו מאַכן דאָס לאַנד!“ (91).

אין אַן אַנדער ליד וואָרנט איינער פון זיינע פאַלשע נביאים, אַז די יידישע גאולה וועט ניט קומען ביז די האָרן פון עמק, די אַמאַליקע געצן בעל־פעור, בעל־זבוב און דער בעל וועלן צוריק ניט ווערן די הערשערס פון לאַנד. דער דור, וואָס וועט זיך צוריקקערן קיין ארץ ישראל וועט אָנבע־מען די אשרה פאַר זיין גאָט (92).

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס טשערניכאָווסקי האָט אַ ליד, וואָס רופט זיך: „בתי נפש לעשתורת“ — „די בשמים־שאַכטעלעך פון די פּריסטערינס פון עשתורת“. די נביאים פון גאָט האָבן באַקעמפט די פאַלשע נביאים, ניט נאָר ווייל זיי זיינען געווען פאַר דער אייבערהערשאַפט פון לאַנד און קעניג, נאָר אויך ווייל די פאַלשע נבואה איז געווען פאַרבונדן מיט מאָראַ־לישער געפאַלנקייט:

„אָבער ביי די נביאים פון ירושלים האָב איך געזען שוידערהאַפטיקע

(91) דאָרט „מחזיונות נביאי השקר“, ז׳ רל״ח און ווייטער.

(92) דאָרט „חזון נביא האשרה“, ז׳ רנ״ג און ווייטער.

זאָכן — זנות, אומגיין מיט ליגן און זיי שטאַרקן די הענט פון די שלעכטס־טוערס" (ירמיהו כ"ג, יד).

צו די צוויי פאַלשע נביאים אין בבל: אַחאב, דער זון פון קוליה און צדקיהו, דער זון פון מעשיה, וואָס האָבן מיט זייערע נבואות געמוטיקט די פאַרטריבענע אין גלות צו אַן אויפשטאַנד זאָגט ירמיהו:

„ווייל זיי האָבן געטאָן שענדלעכע זאַכן אין ישראל און מזנה געווען מיט די ווייבער פון זייערע חברים" (דאָרט כ"ט, כג).

יחזקאל רעדט מיט עקל וועגן „די פרויען, וואָס באַוויינען דעם טויט פון תמוז". אָבער טשערניכאָווסקי רעדט צאַרט און ליריש וועגן דעם קולט. באַשרייבט אים מיט פאָעטישן ציטער און רעכנט אויס יעדע קלייניקייט, וואָס איז נאָר באַוואוסט וועגן דער עבודה זרה. און ניט נאָר דעם תמוז־קולט באַזינגט טשערניכאָווסקי אויך פון דעם פריסטער פון זון־גאָט האָלט דער דיכטער. דער כהן פון און (93) זאָגט מוסר יידן. טשערניכאָווסקי זינגט וואוינענדיק אין דער יידישער שטאָט תל־אביב:

— „פרעמדע, אויב ברידער זיינען מיר געווען אַמאָל, אָבער איצט איז צווישן אונדז אַ תהום, וואָס איז צווישן זון און זון ביז צום וויינען, ביז צום ברומען. אין אייערע אויגן זיינען גאַרנישט אונדזערע לידער און פרעמד איז אייך דער קראַנץ פון אונדזערע פריידן; אויף צום לאַכן; ווער פאַרשטיין אַ פלעדערמויז דעם רויבפויגל? (94).

יידן פון רבי יוחנן בן זכאיס צייטן, און נאָך פריער, און ביז גאָר ניט לאַנג צוריק, וואָלטן טאַקע נישט פאַרשטאַנען דעם דיכטערס התלהבות,

---

(93) זע בראשית מ"א, נ; דאָס זיינען די פריסטער וואָס יחזקאל רופט בחורי אָון (אָוען) — די יונגען פון זינד, יחזקאל ל', יז.

(94) כל שירי טשרניחובסקי, תל אביב: אתם מקדשי לבנה בחודש, זז' רכה, רכו. ס'איז גאָר אינטערעסאַנט די אָפּשאַצונג וועגן שאול טשערניכאָווסקי, וואָס איז דערשינען צו זיין פינפטן יאָרצייט אין „דבר": „שוין, ס'איז דער פינפטער יאָר נאָך זיין טויט, פונדעסטוועגן געדענקען מיר אים און וואָס ווייטער אַלץ מיט אַ טיפערער דערקענונג, אַז מיט אים איז געשטאָרבן אַ דיכטער, וואָס האָט געטראָגן אין זיין האַרצן די בענקשאַפט פון זיין דור — וואָס האָט אויסגעפורעמט די גע־שטאַלט פון קומענדיקן מענטשן. אין זיינע פערזן האָט ער אָנגעוואונקען אויף זיין גרויסער איינזאַמקייט אין „מולדת", וואָס האָט אים מער ווי געטאָן פון אַלע פריערדיקע איינזאַמקייטן, און ער האָט ניט געוואוסט אַז דאָ, ניט געקוקט אויף דער קאַלטקייט פון דער אָפיציעלער יידישקייט, איז זיין קול אַריינגעדרונגען אין די הערצער און ער איז ניט געווען אַזוי איינזאַם. דער דור וואָס האָט געשטאַלטיקט דעם ישוב האָט זיך צוגעהערט צו זיין קול." (דבר, יום ו', י"ט בתשרי, תש"ט. מיין קורסיוו).

ענטוזיאַזם און באַגייסטערונג פאַר געצנדינסט. זיי וואָלטן ניט געקענט באַ־נעמען זיין פאַרהערלעכונג פון די אַלטע, טויטע געצן: בעל־זבוב, בעל־פעור און עשתורה און בעל, וואָס האָבן פאַרהייליקט זנות, שפיכת דמים און אומ־רעכט. אָבער די משכילים, דער דור פון תחיה, דער דור פון רענעסאַנס און די נייע „עולים" האָבן אים גוט פאַרשטאַנען. יחזקאל זאָגט וועגן די פאַלשע נביאים: „אין דעם געזעמל פון מיין פאָלק וועלן זיי ניט אויפגענומען ווערן, און אין דעם בוך פון דעם הויז פון ישראל וועלן זיי ניט פאַרשריבן ווערן" (יחזקאל י"ג, יט). אָבער טשערניכאָווסקי איז אויפגענומען געוואָרן פון יידישן געזעמל, „אין דעם בוך פון הויז פון ישראל" — אין דער העברעאישער ליטעראַטור, איז ער אַריין, ווי אַ גרויסער יידישער דיכטער און אַ משורר פון תחיה.

## יא. דער זיג פון „צו זיין ווי אַנדערע פעלקער"

ציוניזם האָט אין אָנהייב ניט פאַרכאַפּט דאָס פאָלק. דער גאַנצער געדאַנק פון אַ נאַטירלעכן צוריקקער צו אַן אייגן לאַנד און ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער איז געווען יידן פרעמד. ווי אַלע באַוועגונגען און פאַרטייען איז דער ציוניזם ניט געווען צופיל ערלעך אין זיין פראָפּאַגאַנדע. צום פאָלק איז מען געקומען מיט אַ צוזאָג פון „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו". אַחד־העם זאָגט:

„אין זייער איבערגעטריבענער באַגייסטערונג גלייבן זיי אַז זיי וועלן ברענגען נוצן דעם ישוב דורך אויסגעטראַכטע גוטע בשורות. זיי פילן, אַז די גרויסע מאַסע איז ווייט פון אהבת־ציון און דער אמת אַליין וועט ניט זיין גענוג אים צו פאַראינטערעסירן (אין דער באַוועגונג), דערפאַר זיינען זיי זיך מתיר צו זאָגן ליגן „לשם שמים", צו לויבן און צו רימען דאָס לאַנד און זיינע פּרוכט מיט איבערגעטריבענע גוזמאות; צו פאַרעפנטלעכן פאַרשיי־דענע בריוו פון דאָרטן, בריוו געשריבן פון ייִנגלעך אָדער פאַנטאַזיאָרן — ווי איז צו מיר, וואָס איך דאַרף עס זאָגן — פון פּשוטע שאַרלאַטאַנעס, וואָס טרייבן איבער מיט אַ חשבון, באַוואוסטזיניק" (95).

אין אָנהייב האָט זיך דאָס פאָלק ניט שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן ציוניזם. די רבנים, די גייסטיקע פירערס זיינען געווען פרינציפּיעלע קעג־

(95) אחד העם, על פרשת דרכים, כרך א, זז' כט, ל.

נערס. ווי ווייט די רבנים האָבן זיך געשטעלט קעגן ציוניזם, קען מען זען מיט וויפל פּיעטעט אחד־העם רעדט וועגן הרב מרדכי עליאַשבערג, איינער פון די ערשטע רבנים, וואָס איז געוואָרן אַן אָנהענגער פון ציוניזם. מען קען צוגעבן נאָך געציילטע רבנים: הרב שמואל מאָהילעווער, הרב ריינים און אַנדערע. אָבער דער כלל־רבנים און חסידישע רביים, ווי אַ גרופּע, זיינען גע־ווען קעגן ציוניזם (96).

דער הויפּט־טעזיס אויף וועלכן דער ציוניזם האָט זיך געשטיצט איז געווען פּינסקערס געדאַנק, אַז די שנאה צו יידן וועט קיינמאָל ניט אויפהערן, ווייל די שנאה איז פאַרוואָרצלט אין אַ טיפן, נאַטירלעכן עמאָציאָנעלן איבער־לעב; ס׳איז אַ קרענק, וואָס גייט איבער פון טאַטן צום זון.

אָבער יידן האָבן ניט געהאַלטן פון אָט דעם געדאַנק. זיי האָבן געגלייבט אין וועלט־פּראָגרעס. אַ פירנדיקע יידישע פּערזענלעכקייט שרייבט אַ קור־צע צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה:

„דאָס טאָטאַלע אַריינדרינגען פון די יידן אין די קולטורן און מנהגים פון די פעלקער צווישן וועלכע מיר וואוינען וועט רעאַליזירט ווערן מער און מער מיט דער צייט, ווען יידן וועלן זיך אויסבילדן; און אַזוי ווי אין דייטשלאַנד און אין די אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער לעבן אין פרידן קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן, פּראַוואָסלאַוונע, לוטעראַנען, קאַלוועניסטן און אַלערליי פאַרשיידענע סעקטאַנטן, אַזוי קענען אויך יידן לעבן אין שלום מיט די אַלע פעלקער, אַ דאַנק דער אויפקלערונג, וואָס וועט זיך פאַרשפּרייטן אויף

(96) אינטערעסאַנט איז אַז הרב שמואל מאָהילעווער און הרב ריינים זיינען ביידע אין אַ גאָר גרויסער מאָס געווען משכילים. די רבנים ווי אַ כלל, מיט די פריער דערמאָנטע געציילטע אויסנאַמען זיינען געווען קעגן ציוניזם. אָבער צייטן בייטן זיך. איצט זיינען די רבנים בדרך כלל ניט נאָר פאַרן ציוניזם נאָר זיינען גרויסע חסידים דווקא פון די עקסטרעמיסטן אין ישראל. שרייבט מ. י. נירענבערג, רעדאַקטאָר פון פרומען „מאָרגען זשורנאַל״:

„מיר זיינען אויסן די צאָלרייכע בריוו, וואָס דער „מאָרגען זשורנאַל״ האָט באַקומען — ספּעציעל פון רבנים — (מיין קורסיוו) וועגן אַ קאָלום פון אונדזער חשובן מיטאַרבעטער און גרויסן דיכטער גלאַטשטיין פאַר זיין קריטיק פון מנחם בעגין״ (מאָרגען זשורנאַל״, דעצעמבער 23, 1948). מנחם בעגין איז דער פירער פון דער עקסטרעם נאַציאָנאַליסטישער פאַרטיי אין ישראל. איין פּראָטעסט-בריוו איז געווען אונטערגעשריבן פון דעם סעקרעטאר פון ועד הרבנים החרדים. פאַר-שטייט זיך, אַז דער סעקרעטאר איז אויך אַ רב.

(97) העתיד מאסף ספרותי, מדעי, ספר רביעי „עתידות ישראל״, מאת פּרופיסור לודוויג גייגער.

דער וועלט. צווישן די קולטורעלע פעלקער איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר קאָנפליקטן, כאָטש אַפילו ס'איז אוממעגלעך צו פאַרמיידן צופעליקע אָנפאַלן פון דעם פינצטערן המון. אַזוי איז אויך ניט צו דערוואַרטן אַן אַלגע־מיינעם גירוש פון יידן צוליב זייער רעליגיע, אַחוץ אפשר אין רוסלאַנד" (97).

ניט נאָר דער מערב־אייראָפּעאישער ייד, פּראָפעסאָר לודוויג גייגער, האָט געגלייבט אין פּראָגרעס פון דער וועלט און צוזאַמענלעבן פון יידן און אַנדערע פעלקער. אַפילו אַזאַ גאַנצער ייד ווי נחום סאָקאָלאָוו האָט געגלייבט, אַז די פינצטערע צייטן פון אַמאָל קענען זיך ניט אומקערן:

„וואָס קען די צוקונפט ברענגען? זי קען ניט ברענגען קיין גרעסערע רדיפות און ניט קיין מער שפע פון שלוה, רואיקייט און גרעסערע גלייכקייט פון אַמאָל. דער איצטיקער עלילת דם (ביילים פּראָצעס), צום ביישפּיל, אין קיעוו, קאָן ניט, אין זיין גאַנצער מיאוסער מנוולקייט, זיין אַזוי שעדלעך און רציחותדיק ווי דער עלילת דם פון טריאַנט. און דער עלילת דם, וואָס וועט זיין אין פּופּציק יאָר אַרום און אין הונדערט יאָר אַרום קאָן ניט זיין, לויט דעם פאַרשריט פון דער מענטשהייט (מיין קורסיוו), אַזוי שאַרף ווי דער איצטיקער. דער טאָרקוועמאַדע פונעם פופצנטן יאָרהונדערט קאָן זיך איצט פאַרוואַנדלען בלויז אין אַ שטעקער (באַוואוסטער אַנטיסעמיט אין דייטשלאַנד) אָדער אין אַ פּאָבעדאָנאָסצעוו (רוסישער אַנטיסעמיט) — עס מיינט בלויז אין אַ בלאַסער נאָכמאַכונג. דער גירוש פון „פיליפּ דעם שיינעם" אָדער פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ (גירוש שפּאַניע) קאָן אין היינטיקע צייטן זיין גאָר אַ טיילווייזער, מיט איבערקליגלעך זיך, מיט אָפּנאַרעריי" (98).

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געגלייבט, אַז אַלע יידישע צרות נעמען זיך פון דער עקאָנאָמישער אומגלייכקייט און פון דער רשעותדיקער קאַ־פּיטאַליסטישער סיסטעם. ווען די סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע בטל ווערן, וועלן יושר און גערעכטיקייט הערשן אויף דער וועלט. עס וועלן פאַרשווינדן שנאה און קנאה און דער אַנטיסעמיטיזם וועט בטל ווערן. די סאָציאַלע רע־וואָלוציע איז אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט. זי שטייט און קלאַפּט אין טיר. אַ יידישע מלוכה איז רעאַקציע און שטעלט זיך קעגן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ציוניזם, אין פאַרגלייך מיט די פאַרצווייגטע אַלערליי יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, געווען אַ שוואַ־כע באַוועגונג. אָבער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט געהאָלפן צו סע־

(98) דאָרט ז' 140, 141.

קולאַריזירן יידן. וואָס שטאַרקער ס'איז געוואָרן די סעקולאַריזירונג פון פאָלק אַלץ מער מסוגל זיינען יידן געוואָרן אויפצונעמען דעם ציוניזם.

גרעסערע און גרעסערע צאָלן יידן האָבן שוין מער ניט געפונען אין יידישקייט זייער פּערזענלעך גליק און זייער תכלית אין לעבן. דער יחיד איז שוין מער ניט געשטאַנען אין צענטער פון יידישן לעבן. דאָס גליק פון דער אומה איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן איבער די אינטערעסן פון יחיד. ווען אחד־העם איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און שרייבער האָט ער געטרוימט פון אַזאַ מצב. ער האָט געוואָלט אַז יידן זאָלן זיך ביטן און טראַכטן מער וועגן לאומיות ווי וועגן דעם שכר פון מצוות, וואָס ברענגט גליק דעם יחיד. זיין שיטה פון אַ מרכז רוחני האָט ניט געזיגט. אָבער זיין קוק, אַז דער גאַנצער יידישער וועלט־באַנעם איז בלויז אַ רעזולטאַט פון לאומיות, פון יידישן דראַנג צו עקסיסטירן ווי אַ פאָלק, האָט געהאַט אַן אומגעהייערן איינפלוס אויף דער יידישער אינטעליגענץ און אַוועק־געפירט דאָס פאָלק אויף אַ נייעם וועג.

„באַלד פאַרן ערשטן חורבן איז פאַרקערט געוואָרן דאָס האַרץ פון פאָלק. די נאַציאָנאַלע ליבע איז שוין ניט געוועזן קיין ריינע ליבע — „אַ ליבע, וואָס הענגט ניט אָפּ פון קיין זאַך", און דאָס גליק פון כלל איז ניט געוועזן דער העכסטער תכלית פאַר וועלכן די יחידים פון פאָלק זיינען מקריב זייערע אינדיווידועלע תכליתים. נאָר פאַרקערט: דער הויפּט תכלית איז געוואָרן פאַר יעדן איינעם זיין אייגענע באַגליקונג. הצלחה — די צייט־ווייליקע אָדער אייביקע — דאָס גליק פון כלל איז ביי אים געוואָרן וויכטיק בלויז אַזוי פיל וויפל ער אַליין האָט אַ חלק אין אים".

„די אומגליקן, וואָס זיינען נאָך דעם געקומען, די שרעקלעכע צרות און די אָפטע וואַנדערונגען, וואָס האָבן פאַרגרעסערט אָן אַ סוף די זאָרגן פון יעדן ייד, פאַר אים און זיין משפחה, האָבן נאָך מער געהאָלפן אָפּצו־שוואַכן דעם שוואַכן נאַציאָנאַלן געפיל, צו קאָנצענטרירן אַלע האַרץ־עמאָציעס אין שטוב־לעבן און די איבעריקע אין דעם געמיינדע־לעבן, ניט איבערלאָזן קיין פיצל געפיל פאַר דעם נאַציאָנאַלן לעבן.

„איז וואָס־זשע דאַרפן מיר טאָן? מיר דאַרפן ווידמען אונדזער הויפּט־אַרבעט צו אָן אויפלעב פון הערצער, צו פאַרגרעסערן די ליבשאַפט צום כלל, צו שטאַרקן די תשוקה פאַר זיין (כללס) גליק, ביז עס וועט זיך אויפ־וועקן דער רצון; און די געפילן וועלן אַרבעטן ערלעך" (99).

---

(99) אחד העם: על פרשת דרכים, חלק א, זז' 5 און 6.

אַט די רייד „בידערן און לעכערן ביזן תהום". אחד־העם שטעלט אַוועק דאָס נאַציאָנאַלע גליק אין צענטער פון לעבן, ניט דעם יחידס זאָרג פאַר זיין אייגענער עטישער און גייסטיקער גאַנצקייט.

ס'איז דאָ ניט דאָס אָרט אַריינצולאָזן זיך אין לאַנגע חקירות און אָפּ־פרעגן אחד־העמס הנחה, אַז דער נאַציאָנאַלער געפיל איז פאַרקלענערט געוואָרן באַלד נאָכן חורבן, ווייל דער יחיד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון לעבן. מיר מיינען, אַז דער יחיד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון לעבן צוליב עטישע סיבות. דער מהות פון יידישקייט איז אַנדערש פון דעם מהות פון נאַציאָנאַליטעט מיט דעם, וואָס דער יחיד דאַרף אָפּגעבן אַ חשבון הנפש דעם באַשעפער, ניט זיין פאָלק. ס'איז זיכער ניט קיין ירידה. און אָנגעהויבן האָט זיך דער פּראָצעס אַ סך פריער פון נאָכן ערשטן חורבן. ס'איז אָבער נויטיק צו באַטאָנען, אַז אחד־העם איז גערעכט, אַז דער יידישער יחיד האָט ניט געדאגהט און ניט געדאַרפט דאגהנען, לויטן יידישן באַגריף, וועגן קיום האומה. דער יחיד האָט אויף זיך גענומען דעם עול פון מצוות, וואָס איז אויף אים פערזענלעך אַרויפגעלייגט געוואָרן. זיין חשבון איז געווען צווישן אים אַליין און גאָט. דער ייד האָט געהאַט אַן אָנזאָג צו גיין אין די גערעכטע וועגן פון גאָט. דאָס איז געווען זיין חוב. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מיליאָנען יידן זיינען געגאַנגען אויף דעם יידישן וועג איז שוין במילא געווען אַ יידיש פאָלק אָן אַ נאַציאָנאַלער זאָרג. אָבער קיין מדינה וואָלט פּסיכאָלאָגיש ניט געקענט עקסיסטירן ביי אַזעלכע אומשטאַנדן, ווייל אויב די פאָדערונגען פון דער מדינה, אפילו ווען זיי רירן אָן איר עיקר עקסיסטענץ, וואָלטן געקומען אין קאָנפליקט מיט די מצווה־פליכטן, לאָמיר זאָגן מיט שמירת־שבת אָדער תפילין, וואָלט דער ייד צו־ערשט אָפּגעהיט שבת, אָדער געלייגט תפילין, דערנאָך זיך געחקירהט צי מען דאַרף אַ מדינה (100).

יידן האָבן ביסלעכווייז זיך סעקולאַריזירט און אחד העמס טרוים און וואונטש זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן. יידן האָבן אָנגעהויבן צו לעבן ווי אַלע אַנדערע פעלקער אויף אַ סך אופנים. זיי האָבן אויפגעהערט צו לערנען תורה און אָנגעהויבן אָפּצוגעבן זיך מיט ליטעראַטור. דער ספר, וואָס מען האָט געלערנט און געזוכט אין אים אַ וועג צו גאָט, איז פאַרביטן געוואָרן אויפן בוך, וואָס זיין הויפּט־צוועק איז צו פאַרוויילן. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן איז שוין מער ניט דאָמינירט געוואָרן פון קדושה. דער יחיד האָט

---

(100) זע פריער ז' 9 דעם ציטירטן רמב"ם.

פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם גאַנצן עול פון מצוות. דער גוף איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן אין צענטער פון דער וועלט. טאָן גוטס דאַרף מען ניט כדי צו געפינען חן אין די אויגן פון גאָט און די נשמה זאָל קומען אַ ריינע פאַר דעם שופט פון דער וועלט; גוטס דאַרף מען טאָן, ווייל ס׳איז גוט פאַר דער געזעלשאַפט. דער יחיד האָט זיך ניט געדאַרפט אויפפירן ווי אַ ייד כדי זיין אייגן לעבן זאָל זיין גאַנץ, נאָר כדי די אומה זאָל האָבן אַ קיום. דעם יידישן יחידס לעבן איז אויסגעליידיקט געוואָרן, ווייל מעשים־טובים צוליב קיום האומה זיינען געווײנלעך בלויז אַבסטראַקציעס, וואָס קענען קאָנקרעטיזירט ווערן נאָר ווען ס׳איז דאָ אַ מלוכה און אַן אַפּאַראַט, וואָס צווינגען דעם יחיד זיי אָפּצוהיטן. די מאָדערנע געזעלשאַפט מוז האָבן אַ קאָ־לעקטיוון צוואַנג. אין גלות, וואו עס קען זיין נאָר אַ פרייוויליקע עדה, האָט דער יחיד אָנגעהויבן מער און מער אַרויסדרייען זיך פון זיינע התחייבותן צום ציבור. ס׳איז מיטאַמאָל אַרויפגעשוואומען די פּראָבלעם פון קיום, און נאָך מער, די פּראָבלעם פון דעם זינען פון יידישקייט: צוליב וואָס זיין אַ אַ ייד און זיך מאַטערן? יידן האָבן דערפילט, אַז זיי מוזן האָבן אַ מדינה, מוזן איינעמען אַ לאַנד וואו זיי זאָלן זיין די מערהייט, כדי אַ יידישע נאָרמע זאָל אַרויסוואַקסן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ ייד האָט געוואָלט איצט אַ פאָלקס־לעבן אין וועלכן ער זאָל קענען לעבן מיט זיין טאָג־טעגלעכן ניט־יידישן אויפפיר, אָבער פאָרמעל זאָל עס זיין אַ יידיש לעבן. ער האָט געוואָלט אַ סעקולאַר לעבן, וואָס זאָל זיין בלויז אין פאָרם יידיש. אַזאַ לעבן קען ניט געפירט ווערן אין גלות, וואו יידן זיינען אומעטום אַ מינדערהייט און דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ווערט דאָמינירט פון אַ דרויסנדיקער קולטור.

יידיש לעבן האָט אָנגעהויבן צו צעפאַלן. דאָס יידישע לשון איז געווען דער ערשטער קרבן. די סיבה איז געווען אַ פשוטע: דער יונגער דור, און אַ היפּ־שער טייל פון עלטערן דור, האָבן שוין מער ניט געדאַרפט קיין יידיש לשון פאַר זייער טאָג־טעגלעכן געברויך. יידן האָבן פאַריידישט דעם פרעמדן לשון ווייל זייער לעבנס־שטייגער האָט געפאָדערט אַ ספּעציעלע טערמינאָ־לאָגיע און זייער וועלט־באַגריף און גייסטיקער באַנעם האָט געפאָדערט אַן אייגענע בילדלעכקייט. אָבער ווען יידן האָבן זיך סעקולאַריזירט און געלעבט דעם גאַנצן טאָג אין אַ ניט־יידישער גייסטיקער אַטמאָספערע איז דאָס יידישע לשון געוואָרן אַ לאַסט אַפילו אין דער יידישער סביבה. האָט מען אויפ־געהערט צו ריידן יידיש.

מען האָט אויסגעטאָן פון זיך די יידישע בגדים. ניט נאָר די אויסער־

לעכע — מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע איז פאַרשוואונדן פריער די באָרד און באַלד דער טלית־קטן.

יידישע יום־טובים האָבן אויפגעהערט צו שפּילן אַ ראָלע אין יידישן לעבן. דער שבת איז פריער פאַרקוקט געוואָרן, דערנאָך איז ער פּאַקטיש פאַרביטן געוואָרן אויף זונטיק.

תורה איז געוואָרן לכתחילה אַ לימוד און דערנאָך אין גאַנצן געוואָרן איבעריק.

די גרעסטע צאָל יידן האָט ניט פאַרלייקנט זיין אָפּשטאַם, נאָר דער גאַנצער לעבנסשטייגער האָט זיך געביטן און דער גאַנצער יידישער וועלט־באַנעם איז געוואָרן אַן אַנדערער. ריידן האָט מען גערעדט ווי אי־בערגעגעבענע, הייסע, טייערע יידן, אָבער פּאַקטיש האָט מען געלעבט ווי גויים.

דער דורכשניטלעכער ייד האָט זיך דערשראָקן ווען ער האָט פאַר זיך דערזען דעם תהום פון אונטערגאַנג. מיטאָמאָל האָבן די בעסטע פון פאָלק דערזען, אַז יידן ווילן מער ניט זיין קיין פאָלק אין אַ פאָלק. דאָס רוב פון יידישן פאָלק האָט ניט געוואָלט לעבן אָפּגעזונדערט. ס'איז אויפגעשטאַנען אַ דור, וואָס האָט אַפילו ניט געגלייבט אין כפירה. ס'איז אויפגעקומען אַ דור, וואָס האָט אַפילו ניט געקעמפט קעגן יידישקייט, ווייל ער איז געווען אין גאַנצן גלייכגילטיק צום יידישן דרך. ער האָט ניט אָפּגעהיט יידישקייט, ניט ווייל ער האָט באמת דורכגעטראַכט דעם ענין און איז געקומען צום שלוס, אַז מען דאַרף עס ניט. ער האָט ניט אָפּגעהיט קיין יידישקייט ווייל ס'איז געווען אויסער זיין וועלט־מהות.

און דער דורכשניטלעכער ייד האָט זיך געוואָלט ראַטעווען. מיט רעכט האָט ער געוואָרפן די שולד אויף דעם גלות, וואָס פאָדערט אַ באַוואוסטזיניקע יידישקייט און אַ פּריוויליקן צובונד. דער סעקולאַרער דור האָט ניט גע־האַט קיין כוח און קיין רצון צו בלייבן יידן. האָט דער דורכשניטלעכער ייד דערפילט, אַז ער מוז האָבן אַ מלוכה ווי אַלע פעלקער, אַן אייגן לאַנד, וואו אַ ייד זאָל בעל כרחו מוזן בלייבן פאָרמעל אַ ייד, ווי אַלע פעלקער, וואָס זיינען בעל כרחם פעלקער אויף זייער אייגן לאַנד.

אין אָט דעם מצב זיינען די פרומע געוואָרן גרייט אויף קאָמפּראָמיסן, כדי אָנצוהאַלטן כאָטש אַ דרויסנדיקע פאָרמע פון יידישקייט. די רבנים זיינען געוואָרן די גרעסטע קעמפער פאַרן ציוניזם.

דערווייל האָט די ניט־יידישע וועלט באַשטעטיקט דעם ציוניסטישן טעזיס, אַז „די שנאה צו יידן וועט קיין מאָל ניט אויפהערן, ווייל די שנאה

איז פֿאַרוואָרצלט אין טיפֿן, נאַטירלעכן עמאָציאָנעלן איבערלעב; ס׳איז אַ קרענק, וואָס גייט איבער פֿון טאַטן צום זון״. די רשעות פֿון דער וועלט צו יידן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט באַוויזן, אַז מען טאָר ניט האָבן קיין צופֿיל בטחון אין וועלט־פּראָגרעס. דער נאָך־מלחמה פֿאַרשאַרפֿטער נאַציאָנאַליזם ביי די קליינע און די גרויסע פֿעלקער האָט צונישט גע־מאַכט דעם גלות־אויטאָנאָמיזם.

אָבער דאָס ערגסטע איז געקומען פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אונטער היטלערס ממשלה. אויף אַזאַ חורבן און אומגליק האָט זיך קיינער ניט געריכט. דער גרעסטער פּעסימיסט האָט זיך אין זיין פֿינצטערסטער שעה ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז עס וועט קומען אַ מושל אין אייראָפּע, וואָס וועט פּשוט אָן בושה און אָן שום סיבה, אויסקוילען, פֿאַרגאַזן, פֿאַרברענען כל ישראל און זיך אַפֿילו ניט פֿאַרענטפֿערן, „ניט קליגלען זיך״, ווי סאָקאָלאָוו האָט געזאָגט. דער שפּאַנישער גירוש איז דאָך געווען אַ הומאַנער אַקט לגבי דער איצטיקער שחיטה.

ס׳איז ניט שייך צו ברענגען באַריכטן און כראָניקעס פֿון דעם גרויסן חורבן. וואָסערע כראָניקעס און באַריכטן איך זאָל ניט ברענגען, וועלן זיי איבערגעבן בלויז אַ שאָטן פֿון דער ווירקלעכקייט. אָט בעת איך שרייב איצט ליגט פֿאַר מיר אַ יידישע צייטונג (101). דאָרטן ווערט באַשריבן פֿון אַן עד־ראיה ווי מען האָט אין עטלעכע טעג אויסגעקוילעט צען טויזנט יידישע קינ־דער אין לאָדזער געטאָ. אַלע קינדער ביזן עלטער פֿון צען יאָר זיינען אַוועק־גענומען געוואָרן אין איין טאָג. דאָס האָט דערציילט לייב שטשעקאַטש, וואָס זיין קינד איז אויך אומגעקומען. אין פּוילן, פֿאַר דער מלחמה, זיינען געווען קרוב אַ מיליאָן יידישע קינדער און בלויז פֿינף טויזנט זיינען געבליבן נאָך היטלערס שחיטות.

„און ניט נאָר די דייטשן אַליין האָבן עס געטאָן. דער אמת איז, אַז געטאָן די אַרבעט האָבן אַלע, סיי די, וואָס האָבן געלעבט אין די בורזשואַז־פֿאַשיסטישע לענדער, ווי אין פּוילן, ליטע, רומעניע, אונגאַרן, סיי די סאָ־וועטישע בירגער, וואָס האָבן במשך פֿון פֿינף און צוואַנציק יאָר גענאָסן פֿון דער אויפֿקלערונג אין דעם סאָוועטישן „סאָציאַליסטישן פֿאָטערלאַנד״.

„אין קיעוו, כאַרקאָוו, זשיטאָמיר, וויניצע, זשמערינקע, כערסאָן, מע־ליטאָפּאָל, סימפֿעראָפּאָל, מינסק, וויטעבסק, מאָהילעוו, אָרשע, סלוצק און

---

(101) „פֿאָרווערטס״, פֿרייטיק י״א אלול תש״ז.

צענדליקער אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך איבערגעחזרט די זעל־ביקע ברוטאַלע רציחות, ווי אין הונדערטער פוילישע שטעט און שטעטלעך. ווי נאָר די דייטשישע אַרמייען האָבן זיך גענומען דערנענטערן און די רויטע אַרמייען — צוריקציען זיך צו מזרח האָט מען אין די גאַסן פון די סאָוועטישע שטעט דערהערט דעם שיפּענדיקן „זשיד פּראָקליאַטע״ און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע וואַקכאַנאַליע״ (102).

יידן האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן, צי זיי זיינען געערעכט צי ניט — איז ניט וויכטיק, אַז אויב זיי וואָלטן געהאַט אַ לאַנד, אַן אייגענע מלוכה, וואָלט אַזאַ אומגליק, אַזאַ חורבן אויף זיי ניט געקומען. צום ערשטן מאָל אין דער לאַנגער יידישער געשיכטע פון גלות (מיט דער אויסנאַם פון בר כוכבא אויפשטאַנד) האָט זיך ביי יידן דערוועקט אַן אמתער פאַרלאַנג צו ווערן זעלבשטענדיק. יידן זיינען געוואָרן גרייט אויף קרבנות כדי צו דער־ווערבן אַ נחלה.

יידן האָבן פיינט געקראָגן דעם גלות און זיי שטעלן זיך ניט אָפּ אַפילו פון פאַרלוימדן זיך און די זעקס מיליאָן קדושים. ס׳איז אַ פאַרשפּרייטע מיינונג צווישן אַ סך יידן, אַז די מיליאָנען יידן פון אייראָפּע זיינען געגאַנגען שטום צו דער שחיטה, אָן אַ ווידערשטאַנד, ווייל גלות־יידן זיינען בטבע אונטערטעניק און האָבן ניט קיין מוט צו שטעלן זיך קעגן שונא. מען הערט אָט די רייד פּריוואַט, מען שרייבט אָפּט וועגן דעם מאמרים, און דערפון דרינגט מען, אַז יידן מוזן האָבן אַ מלוכה, כדי צו קריגן זעלבסטווערדע און חשיבות.

מען איגנאָרירט די פאַקטן, אַז יידן האָבן ניט געגלייבט, אַז אַזאַ רשעות איז מעגלעך; אַז אַזאַ אומגליק איז דער ערשטער אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע; אַז יידן זיינען געווען אין אַזאַ ספּעציפישער לאַגע, אַז מען האָט ניט געקענט אָרגאַניזירן קיין פאָלקס־אויפשטאַנד און, אַז גאַנצע אַרמייען מיט געווער אין די הענט, ווי די רוסן און פּאָליאַקן, האָבן זיך אונטער־געגעבן און דערנאָך פאַרניכטעט געוואָרן; און אַז יידן האָבן זיך יאָ געשטעלט קעגן שונא און אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע העלדישקייטן.

---

(102) „פרייע אַרבעטער שטימע״, פּרייטיק, יוני 25, 1948.

(103) ס׳איז ניט דאָ דער אָרט צו ציטירן אַלץ וועגן דעם ענין. אָבער איין ציטאַט איז כדאַי צו ברענגען: „עס איז ניט ריכטיק, אַז די יידן זיינען געגאַנגען צום טויט אָן ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, און אַפילו מיט ליידיקע הענט. די פּרטים פון דער דאָזיקער עפּאָפּעע פון ווידערשטאַנד האָבן די יידן מיטגע־נומען מיט זיך אין קבר. ווייל ווער ווייסט, אויב עס וועט נאָך פאַרבלייבן עמעצער,

מיר האָבן עדי ראיה, וואָס לייקענען אָפּ די טענה, אַז די יידן זייַ נען געגאַנגען ווי לעמער צו דער שחיטה (103). אָבער עס העלפט ניט. די מיאוסע לעגענדע האָט זיך איינגעוואָרצלט אין פאָלק און קיין שום באַווייזן קענען זי ניט אָפּפרעגן.

יידן גיבן אָן וויד'ערשפּרעכנדיקע טעמים פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַן אייגענער מלוכה:

— ארץ ישראל איז אַ מוז, ווייל וואו וועט זיך אהינטאָן די שארית הפליטה?

— מען דאַרף ארץ ישראל כדי מ'ר זאָלן זיין ווי אַל'ע אַנדערע פעלקער.

— אַ יידישע מדינה וועט זיך אָננעמען פאַר יידן איבער דער גאַנצער וועלט, אַפילו אויב אין ארץ ישראל וועט זיך געפינען נאָר אַ קליינער טייל פון יידישן פאָלק.

— ארץ ישראל קען אַריינעמען מיליאָנען און מיליאָנען יידן. מיט דער מאָדערנער טעכניק קען מען באַוואָסערן מדבריות. מען דאַרף, אין דער איצטיקער מאָדערנער צייט, ניט האָבן קיין סך באָדן. תבואה און גרינסן קענען וואַקסן אַפילו בלויז אין וואַסער מיט געקינצלטער באַמיסטיקונג.

— מיר יידן אין אַמעריקע און די יידן פון סאָוועט־רוסלאַנד דאַרפן ניט קיין לאַנד. ארץ ישראל איז בלויז פאַר די געררודפטע יידן פון מזרח־אייראָפּע.

— אין אונדזער אייגן לאַנד וועט זיך ערשט אַנטוויקלען די יידישע אייגנאַרטיקייט. מיר וועלן ווייזן דער וועלט וואָס מיר קענען.

— אין אַן אייגן לאַנד וועלן מיר ניט דאַרפן זיין ספּעציפיש אייגנאַרטיק. מיר וועלן זיך נאָרמאַליזירן און זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער.

— יידן וועלן פירן די מלוכה מיט יושר און גערעכטיקייט: די אייניקלעך פון אברהמען וועלן ניט ווערן קיין פאַרכאַפּערס פון לענדער און באַצווינגערס פון פעלקער.

— מיר וועלן ניט קאָנען בלייבן אויף דעם קליינעם שטח לאַנד, וואָס מען האָט אונדז געגעבן. מיר וועלן קריגן וואָס געהערט צו אונדז, צי מיט גוטן, צי מיט בייזן איז ניט וויכטיק.

---

וואָס זאָל קאָנען דערציילן דער גרויסער וועלט און דער יידישער וועלט, וואָס עס איז דאָרט געשען" — פון אַ באַריכט פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער פון קאָסאָוו, מזרח-גאַליציע, איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן זיך פון דאָרט געראַטעוועט." ציטירט לויט „קידוש השם", אַ זאַמלונג רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ניו-יאָרק תש"ט, ז' 31. זע אויך ז' 38 און נאָך און נאָך.

— ס'איז ניטאָ קיין האָפענונג פאַר יידן צווישן די גויים. די וועלט איז אַן אומיושרדיקע, אַ רשעותדיקע.

— מיר וועלן אויפשטורעמען די וועלט. זי מוז איינזען אונדזערע גערעכטע פאָדערונגען.

דער צד השווה פון אַלע טענות איז, אַז יידן ווילן איצט אַ לאַנד, זיינען גרייט אויף קרבנות און גיבן קרבנות.

יידן, זעט אויס, האָבן פאַרלאָרן דעם רצון צו זיין אַ פאָלק אין גלות. אַ גרויסער יאוש וואָלט איצט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק ווען ניט די האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה. אין איצטיקער צעטומלעניש איז ארץ־ישראל געוואָרן די הצלה פורתא פאַר דער יידישער אומה. נחמת האומה איז אַזוי וויכטיק ווי גאולת האומה. ס'איז ניט וויכטיק צי ארץ ישראל קאָן באמת לייזן די יידישע פראַגע צי ניט. וויכטיק איז, וואָס יידן האָבן צום ערשטן מאָל אין גלות אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז ארץ ישראל איז די איינציקע לייזונג פון דער יידישער פראַגע און פון דער יידן־פראַגע. הרב הערצאָג, פון ארץ ישראל, האָט באמת אויסגעדריקט די געפילן פון גאַנצן פאָלק ווען ער האָט געזאָגט:

„ס'איז צביעות פון דעם צד פון די פיינד פון אונדזער פאָלק, וואָס דאגהן כלומרשט פאַר אַ גייסטיקן צענטער פאַר יידן. אַ גייסטיקער צענטער אָן יידישער איינזאַמלונג אין פולן זינען פון וואָרט האָט ניט קיין ממשות אין לעבן. אין אַנדערע ווערטער: אַ יבנה און אירע חכמים איז ניט גענוג אין אַכטן יאָרהונדערט פון זעקסטן טויזנט און צוויי יאָר נאָך היטלערן, ימח־שמו" (104).

יידן ווילן איצט אויסגעלייזט ווערן פון גלות. יידן ווילן צוריק לאַנד און מלוכה. ביז איצט האָט אונדזער אומה, אין איר לאַנגן גלות, באמת קיין מאָל ניט געוואָלט זיך צוריקקערן צו איר ארץ אבות. יאָ, יידן האָבן געהאַלטן די שבועה: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" — אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט אָפּטריקענען, זאָל מיין צונג צוגעקלעפּט ווערן צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדענקען, אויב איך וועל דיך ניט דערמאָנען, ירושלים, אויף מיין גרעסטער שמחה". אָבער יידן האָבן ניט געשוואָרן זיך אומצוקערן קיין ירושלים; בלויז ניט צו פאַר־געסן זי, צו געדענקען און צו טראַכטן וועגן איר, נעמען אויף זיך גלות.

---

(104) הדואר, גליון ל"ד, מנחם אָב תש"ז, ז' 1067, עמוד שלישי.

אָט מיט געציילטע יאָרן צוריק, פאַר דעם „ווייסן פּאַפּיר“, האָבן יידן דורך אימיגראַציע געקאָנט קאָלאָניזירן גאַנץ ארץ ישראל. אָבער יידן האָבן ניט געוואָלט פאָרן און באַזעצן דאָס לאַנד. ארץ ישראל איז געווען אַן ענגער ציוניסטישער ענין.

איצט אָבער זיינען זיך יידן מוסר־נפש כדי אַריינצוקומען אין לאַנד. זיי לאָזן זיך איבער ימען אויף צעבראָכענע שיפן, גייען צופוס. ניט נאָר די שארית־הפליטה, נאָר יונגעלייט, פאַרזאָרגטע מיט אַ גלענצנדיקער צוקונפט אין אַמעריקע, זיינען אָפּגעפאָרן ווי חלוצים. אָפּגעפרעמדטע יידן פון סאָוועט־רוסלאַנד גנבענען זיך אַרויס פון לאַנד און פאָרן קיין ארץ־ישראל. וואו יידן זיינען צעשפרייט זיינען זייערע הערצער פאַרכאַפּט געוואָרן פון איין גלוסטעניש: ארץ־ישראל!

דערפאַר איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער ראַט פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט דעם 29־טן נאָוועמבער, 1948 מסכים געווען אויף אַ יידישער מלוכה. אין דעם טאָג פון 14־טן מאַי, ה׳ אייר, תש״ח איז אין ארץ־ישראל פּראָקלאַמירט געוואָרן די יידישע מלוכה „ישראל“. ניט די פעלקער האָבן געגעבן די יידן ארץ ישראל. ניין, יידן האָבן געקראָגן דאָס לאַנד, ווייל זיי האָבן עס טיילווייז באַצוואונגען און ווייל דאָס יידישע פאָלק וויל איצט אַ נחלה און זיין מיט פעלקער צוגלייך.

יידן האָבן געקראָגן אַ מלוכה. אויב זיי האָבן זי נאָך ניט פאָרמעל, וועלן זיי זי האָבן. דאָס איז זיכער, ווייל דאָס ווענדט זיך ניט אין דעם חסד פון די פעלקער. דער רצון פון דער יידישער אומה איז שטאַרק גענוג צו קריגן אַ נחלה (105).

## יב. ווידער מלוכה

דער אַלטער פאַרלאַנג צו זיין ווי אַלע פעלקער פון דער ערד האָט איצט ווידער געקראָגן די אייבערהאַנט אין יידישן לעבן, און עס דאַרף זיין קלאָר, אַז דער גאַנצער יידישער וועלט־מהות מוז איצט אָננעמען אַנדערע פאָרמען סיי אין לאַנד ישראל, סיי אין גלות.

אין ארץ־ישראל: — ווען יידן וועלן ווערן דאָרט אַ מלוכה־פאָלק וועלן

(105) דאָס איז געשריבן געוואָרן אין מנחם אָב תש״ז (יולי 1947).

זיי זיך מוזן אויפפירן ווי אַלע אַנדערע פעלקער. מיר האָבן געזען, אַז ווען יידן האָבן געהאַט מדינה־מאַכט און אַוועקגעשטעלט מלוכה אין צענטער פון לעבן האָבן זיי זיך אויפגעפירט ווי אַלע פעלקער פון דער ערד. מדינה, מלוכה, האָט אַן אייגענע לאָגיק און אַן אייגענעם וועג פון אַנטוויקלונג. אַ גוטע ראיה און ביישפיל איז אַמעריקע. קיינער וואָלט ניט געוואַגט צו זאָגן אין אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט, אַז די יונגע רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן וועט זיך אַנטוויקלען אין אַ שטאַרקער מיליטערישער מאַכט, וואָס וועט האָבן אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס. זיכער וואָלטן טאָמאַס דזשעפערסאָן און בענדזשאַמין פרענקלין זיך אויסגעלאַכט פון אַזעלכע נבואות. ווען מען לייענט די אַמעריקאַנער ליטעראַטור זעט מען ווי שטאַרק דאָס פאָלק האָט געהאַסט „סאָלדאַטשיגע" בכלל. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט וויליאַם דזשענינגס ברייען, דער שטאַטס־סעקרעטאַר, רעזיגנירט ווי אַ פּראָטעסט קעגן מלחמה. אָבער אין ווילסאָנס קאַבינעט איז דער מלחמה־מיניסטער געווען אַ קוויקער, אַ מיטגליד פון דער קריסטלעכער סעקטע, וואָס איז קעגן יעדע פאָרמע פון גוואַלד און מלחמה. און איצט, אין פרידנצייט, האָט אַמעריקע איינגעפירט געצוואונגענע מיליטער־דינסט.

מיר קאָנען דערוואַרטן, אַז יידן וועלן זיין ווי אַנדערע פעלקער און פאַרבייגן יושר, גערעכטיקייט און רחמנות, זיך ניט אָפּשטעלן פאַר שפיכת דמים און גוואַלד־מעשים, ווען די מלוכה־אינטערעסן, אמתע צי פאַלשע, וועלן עס פאָדערן. אַן אָנהייב האָבן מיר שוין איצט. דער אופן ווי די יידישע פּרעסע רעאַגירט אויף די מעשים פון די עקסטרעמיסטן אין ארץ ישראל איז גאָר ניט קיין גוטער סימן. אַוודאי פאַרדאַמט מען זייערע טעראָריסטישע מעשים, נאָר אַלע מאָל מיט אַן „אָבער". אין יולי 1947 האָבן די יידישע טעראָריסטן אין ישראל אָפּגעטאָן אפשר די שענדלעכסטע זאַך, וואָס יידן האָבן ווען עס איז אָפּגעטאָן. די טעראָריסטן האָבן געכאַפּט צוויי ענגלישע זעלנערס און זיי פאַרמשפּט צום טויט ווי שפּיאָנען. די טויטע קערפּערס האָבן זיי אויפגעהאָנגען אויף ביימער און אונטערגעלייגט אונטער זיי „בובי־טרעפּס" — אויפרייס פּאַסטקעס — אַז מען ווען וועט אַראָפּנעמען די טויטע גופים וועלן די אַראָפּנעמערס און די גופים אויפגעריסן ווערן. די גאַנצע יידישע פּרעסע האָט טאַקע פאַרדאַמט דעם שענדלעכן אַקט נאָר אַלץ מיט אַן „אָבער". ווי ווייט מיר איז באַקאַנט האָט נאָר איין שרייבער אויסגעשריען קעגן דעם מיאוסן אַקט אָן שום רעזערוואַציעס און ער האָט עפנטלעך געזאָגט, אַז ער רעכנט, אַז יידן זיינען איצט מסוגל צו באַפאַלן אַ לויה אַפילו און

שיסן אויף די אומשולדיקע באַגלייטערס אָט ווי די ענגלענדער האָבן געטאָן (106).

דער אויבן־געבראַכטער אינצידענט איז ניט קיין איזאָלירטער פאַקט. איך וויל ניט דערמאָנען נאָך פאַסירונגען צוליב דעם כבוד פון יידן. אָבער נאָך איין אינצידענט מוז פאַרצייכנט ווערן: אין אַפּריל, 1948 האָט אַ טעראָריסטישע גרופּע איינגענומען אַן אַראַביש דערפל און אָפּגעטאָן דאָרט גאָר ניט קיין שיינע מעשים. „די יידישע אַגענטור האָט איצט דערהאַלטן די פולע פּרטים פון דעם פאַרנעמען דאָס דאָרף פון די קעגנער גרופּעס און זי דריקט אויס איר עקל און שוידער איבער די באַרבאַרישע מעטאָדן, וואָס זיי האָבן באַנוצט ביים אויספירן די אַקציע" (107).

אָבער מיר דאַרפן געדענקען, אַז די הגנה האָט פונדעסטוועגן פאַרנומען דאָס דערפל. אָט אַזוי פירט זיך אַ מלוכה. זי וועט דאָך ניט צוריקגעבן קיין טעריטאָריע באַזיגט אין אַ מלחמה.

ס'איז פאַטעטיש צו זען ווי יידן טרייסטן זיך, אַז די יידישע אַרמיי אין ארץ ישראל איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע אַרמייען אין דער וועלט. זי איז אַן אַרמיי, שרייבט דער רעדאַקטאָר פון אַ ציוניסטישער צייטשריפט, „וואָס איבער איר וואַכט די שכינה פון דורות יידישער בענקשאַפט נאָך גאולה". אָבער אין דעם זעלבן נומער פון דער צייטשריפט טרייסט זיך אַ יידישער טאַטע וועגן זיין געפאַלענעם זון: „אָבער אין איין פּרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט, געבליבן טריי זיין אייגענעם כאַראַקטער. דאָס קאַזאַרמע־לעבן האָט אים ניט קאַליע געמאַכט. ער האָט זיך ניט אויסגעמישט מיט די יעניקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן מיטן זיג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פליכטן פון אַרבעט און מאָראַל" (108).

דאָס עדות זאָגן פון איינעם, וואָס איז מסיח לפי תומו איז מער באַגלייבט ווי די רייד פון צענדליקער פּובליציסטן.

ווען אַ פאָלק צווינגט זיינע זין מקריב צו זיין זייערע לעבנס מוזן זייערע מעשים פאַרהערלעכט ווערן. די אַרמיי קען ניט באַהאַנדלט ווערן ווי אַ מאָרד־

---

(106) יעקב גלאַטשטיין אין אַ זונטיק־נומער פון „מאָרגען זשורנאַל", יולי 1947. ש. ניגער טרעט אָפּט אַרויס קעגן די טעראָריסטן, אָבער דאָ רעדט זיך וועגן אַ ספּעציפישן אַקט.

(107) זע: The New York Herald Tribune, April 12, 1948

(108) „יידישער קעמפער", יולי 2, 1948: „די יידישע אַרמיי", אַ לייט־אַרטיקל, און „טרערן ווערן פאַרטושט".

מאַשין. האָבן מיר טאַקע געלייענט אין די צייטונגען, אַז פּורים צו דער מגילה איז געזעסן אַ הויכער הגנה־אָפיצער אויף דער בימה ביי דער רעכטער האַנט פון רב, אין אַ שול אין תל־אָביב.

מאָדנע קלינגען איצט די רייד פון אַן אַלטן ציוניסטישן פירער: „יידן האָבן מפרסם געווען דאָס טאָן גוטס. זיי האָבן עס אויך רעאַליזירט אין לעבן. זיי האָבן באַאיינפלוסט די לערע פון ליבשאַפט און עטיק. פון „זייערע צווייגן" האָט געערונען די ליבע פון דער תורה, פון גערעכטיקייט, יושר און רחמנות. די טעזיסן דאַרפן ניט באַוויזן ווערן. דאָס זיינען זאַכן וואָס די עופעלעך אין די וויגן ווייסן עס" (109).

די ניט־עטישע מעטאָדן, וואָס אַ מלוכה וועט מוזן אָננעמען וועט מוזן בייטן דעם גאַנצן כאַראַקטער פון יידישער עדה. דאָס וועט סוף־כל־סוף פירן צו אָקצעפּטירן דעם גאַנצן ניט־יידישן וועלט־באַנעם. לאַנד איז ניט אַלע מאָל אַ שמירה קעגן אַסימילאַציע, אין ברייטערן זינען פון וואָרט. עס קאָן דאָך זיין קאָלעקטיווע אַסימילאַציע:

„מיר דאַרפן אויפפּאַסן, אַז אַפילו דער אויפהאַלט פון יידישן ציבור ווי אַ גאַנצער, איז אויך ניט גענוג פאַרן קיום האומה אין פולן זינען פון וואָרט, ווייל עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז דער יחיד־ייד זאָל טאַקע ניט אַראָפּ פון דרך־הישר, דאָס הייסט, זאָל זיך ניט אָפּשיידן פון ציבור, ניט אַראָפּקריכן פון פאָלקס־וועג, אָבער דערפאַר זאָל עס דער ציבור, ווי אַ גאַנצער יאָ טאָן. עס קאָן פּאַסירן, אַז דער גאַנצער יידישער געזעמל זאָל זיך פּרובירן אָפּרייסן פון זיין המשכדיקייט, זאָל וועלן פאַרלייקענען זיין פאַרגאַנגענהייט, זאָל פאַרלירן זיין אידענטיטעט־בילד, זאָל צעשטערן זיין אייגענע זעלביקייט".

„עס איז לחלוטין ניט אויסגעשלאָסן דער פאַל, אַז די כנסת ישראל, הגם זי וועט פאַרזעצן איר סאָציאַלן באַשטאַנד ווי אַ באַשטימטע איינהייט, זאָל זיך פאַרפרעמדן פון זיך אַליין, זאָל זיך אַליין פאַרלייקענען, דהיינו, אויפהערן צו פלעכטן ווייטער די רינגעלעך פון איר עטישער קולטור־קייט. און וועגן אָט דער געפאַר פון זעלבסטפאַרפרעמדונג, פון פאַלשער שעדלעכער אימיטאַציע, פון אינערלעכער גוייזאַציע, אַלאַרמירט דער חומש. דאָס איז זיין הויפּט־פּחד און קעגן אָט דעם אומגליק ווערט ער ניט מיד צו וואָרענען אָן אַן אויפהער" (110).

(109) העתיד מאסף ספרותי, מדעי, כרך רביעי, ז' 144.

(110) אבא גאָרדין: „אונדזער באַנעם", ניו־יאָרק, 1946, ז' 6.

ארץ ישראל וועט גאָר אויף אַ לאַנגער צייט ניט קאָנען זיין רואיק און ליגן דעם טראָפּ אויף דער איבערהערשאַפט פון יידישע גייסטיקע ווערטן.

ארץ ישראל, אַ קליין לענדעלע, ווי אחד־העם האָט געזאָגט, וועט זיך אַלע מאָל געפינען בין „שיני אריות" — צווישן די ציין פון לייבן. ניט נאָר איז ארץ ישראל די בריק צווישן די גרויסע אימפּעריעס, דאָס יידישע לאַנד וועט זיין אַ פּיצטעלע־אינדזעלע אין אַ ים פון אַראַבער. אויפהאַלטן אַ מלוכה און זי איינהאַלטן, ווען די אַראַבישע פעלקער וועלן ווערן אַזוי נאַציאָנאַליסטיש ווי די מערב־פעלקער, וועט מחייב זיין גאָר גרויסע אָנ־שטרענגונגען. די גאַנצע ענערגיע פון פאָלק וועט פאַרשווענדט ווערן אויף דעם מלוכה־אַפּאַראַט. די יוגנט וועט זיין אַ מלוכה־יוגנט, „סופער־סופער"־פּאַטריאָטיש. עס וועט מוזן קומען צו „העלאת הסיף על הסופר" — די איי־בער הערשאַפט פון קריגסמאַן איבער דעם מאַן פון בוך. די מלוכה וועט מוזן צוגרייטן אַ סעקולאַרע און אוטיליטאַרע אינטעליגענץ. תורה וועט ניט קאָנען זיין דער עיקר. דעם טאָן וועלן ניט געבן די בעלי־תריסין, די לערנערס. די גייסטיקע מענטשן וועלן, ווי אויף דער גאַנצער וועלט, פאַררעכנט ווערן ווי בטלנים. נאָר די גייסטיקע פירערס, וואָס וועלן אויך זיין „פּאָליטיקאַנטן" וועלן זיך וואַרפן אין די אויגן. ביי אַזעלכע גייסטיקע פירערס שפּילט דער גייסט גאָר אַ קליינע ראָלע.

שוין איצט ווייזן זיך שלעכטע סימנים אין דער יוגנט פון ארץ ישראל.

„צבר" (קאַקטוס, אַן ארץ ישראלדיקע פרי, וואָס איז אויסערלעך זייער שטעכיק און אינעווייניק זיס) איז דער פּאָפּולערער צונאָמען פאַר ארץ ישראל געבוירענע און דערצויגענע. לעצטנס זיינען אין ארץ ישראל גע־מאַכט געוואָרן פאַרזוכן צו שאַפן אַ גאַנצע אידעאָלאָגיע וועגן דעם אונטער־שייד צווישן די „גלות־יידן" און איינגעבוירענע ארץ ישראל יידן. דער עקסטרעמער אויסדרוק „פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע איז אַ קליינע גרו־פּע, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „כנענים" (111).

מען דאַרף אויך געדענקען, אַז די רעאַליזירונג פון איצטיקער יידישער מלוכה שליסט אויס אַן אמתן קיבוץ גליות. אמת, פאַראַן ציוניסטן, וואָס מיינען, אַז סוף־כל־סוף וועט ארץ ישראל מוזן אַריינעמען אַלע יידן פון דער וועלט. חיים גרינבערג זאָגט:

„מיר זיינען איצט אַ סך אַ קלענער פאָלק, ווי געווען, סיידן מיר זאָלן זען

(111) שלמה לוי „צווישן דורות, די ארץ ישראלדיקע יוגנט און די יידישע קולטור ירושה", „יידישער קעמפער", יאַנואַר 2, 1948.

ניט נאָר אַ יציאת אייראָפּע נאָר אויך אַ יציאת רוסלאַנד, אַ יציאת ענגלאַנד און אַ יציאת אַמעריקע, עפּעס וואָס עס געפינט זיך כלל און כלל ניט אין דיסהאַרמאָניע מיט דער ציוניסטישער וועלט־אַנשויאונג אַלס אַזעלכע. אָבער דאָס שטייט ניט היינט אויף דער טאָג־אָרדענונג" (112).

אויב דאָס זאָל אָוועקגעשטעלט ווערן אויף דער טאָג־אָרדענונג פון די פעלקער פון דער וועלט — וועט די יידן־פראַגע פאַרענטפערט ווערן אויף דעם אופן ווי היטלער, ימח שמו, האָט געחלומט. און פאַרוואָס מיינט חיים גרינבערג, אַז די אַראָבער וועלן בלייבן צדיקים אין אַ וועלט פון רשעות? איצט האָבן ניט די אַראָבער די כוחות. ווער ווייסט וואָס עס קאָן זיין אין אַ דור אָדער צוויי שפּעטער ?

אָננעמען דאַרפן מיר אָננעמען, אַז די רשעותדיקייט פון היטלעריזם איז געווען בלויז אַן איינמאָלדיקע דערשיינונג און די וועלט וועט זיך פירן, ווי זי האָט זיך געפירט — ס'וועט דאַך זיין עפּעס אַ ביסל יושר אין איר און ס'וועט יאָ זיין אַ פעלקער־געוויסן. אין אַזאַ וועלט וועט אַלץ קאָנען זיין אַ גלות. דער רוב מנין און בנין פון יידן וועלן בלייבן אין גלות.

אויב אַזוי קען אַ יידישע מלוכה אָבער ווירקן, אַז דער גלות זאָל איינ־שרומפּן גייסטיק און פיזיש.

גייסטיק : דער גלות וועט ווערן ניט־שעפעריש. כל־זמן דער גלות איז געווען ניט בלויז אַ פיזישער — וואוינען צווישן גויים — נאָר אויך אַ גייס־טיקער באַגריף, אַ וועלט־באַנעם — און גלות איז פאַררעכנט געוואָרן ביי יידן, ווי אַ שטענדיקע־צייטווייליקייט, אַן אייביקער־דערווייל, ווי אַזאַ איז ער געווען שעפעריש און זעלבסט־אויפהאַלטנדיק. אויך דאָס, וואָס דער יחיד האָט געפירט זיין חשבון מיט גאָט און ניט מיט דער אומה האָט באַצוואונגען דעם יידישן יחיד צו לעבן אַ יידיש אייגנאַרטיק לעבן אין זיין צעשפּרייטונג. אָבער וויבאַלד אַז עס וועט זיין אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל דעמאָלט פאַלט אָוועק דער באַגריף גלות און די צעשפּרייטונג ווערט „אין דער פרעמד". אין דער פרעמד האַלט אַ פאָלק ניט אויף קיין אייגנאַרטיקע קולטור און אַן אייגנאַרטיק אָפּגעזונדערט לעבן. רעדן אין יידישער טערמינאָלאָגיע : די שכינה וועט שוין ניט זיין מיט אונדז אין גלות, אַליין פאַר זיך דאַרפן מיר וויניק יידישקייט — די פרעמדע קולטור האָט אונדז פאַרכאַפּט און אויס־

(112) חיים גרינבערג : „אַ צוגאָב צו ארץ ישראל", „יידישער קעמפער", ניו־יאָרק, אָקט. 24, 1943. זע אויך יעקב לעשטשינסקי : „מי ומי ההולכים", „יידישער קעמפער", ראש השנה נומער תש"ט.

געליידיקט פון יידישן אינהאַלט. דער קיום פון פאָלק וועט דאָך זיין פאַר־זאָרגט אין ארץ ישראל. דער יחיד, וואָס וועט וועלן זיין צווישן זיינע ברידער, וועט קענען אימיגרירן. ווער וועט זיך וועלן מאַטערן מיט יידישקייט?

פיזיש: דער גלות מוז איינשרומפּן נאָך דער גרינדונג פון אַ מלוכה. יידן וועלן דאָך קענען ווערן אויס יידן. אין דער וועלט האָט נאַציאָנאַליטעט אַ באַשטימטן איינשטעל: לאַנד, שפּראַך און בירגערשאַפט זיינען די דריי סימנים, וואָס באַשטימען די נאַציאָנאַליטעט פון אַ יחיד. ניט אַלע דריי סימנים זיינען נייטיק פאַררעכנט צו ווערן ווי אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטער נאַציאָנאַליטעט. אָבער אַלע זיינען מסכים, אַז אויב אַ מיטגליד פון אַ פאָלק אימיגרירט אין אַ ניי לאַנד, נעמט אויף די קולטור און שפּראַך פון זיין אַדאָפּטירט לאַנד און נעמט אָן בירגערשאַפט פון זיין נייעם וואוין־לאַנד ווערט ער אויס זון פון זיין געבוירנלאַנד. מיט דער מאָס מעסט מען אַלע פעלקער אַחוץ יידן. זעען מיר למשל אין אַמעריקע, אַז בירגער פון צווייטן דור ניט־יידן, אַפילו פון ערשטן דור, ווערן פאַררעכנט פאַר פולקומענע אַמעריקאַנער. אַ ביישפּיל: יודזשין דעבס און ווענדל ווילקי. אָבער אַ ייד, פון צענטן דור אין אַמעריקע איז אַ ייד, ווי למשל ריכטער בענדזשאַמין קאַר־דאָזאָ. די דערקלערונג דערפאַר איז, ווייל אַ ייד האָט זיך ניט פון וואָס אָפּ־צוזאָגן. בירגערשאַפט? ניטאָ קיין יידישע בירגערשאַפט. שפּראַך? אַ קליי־נער פּראָצענט יידן רעדט איצט העברעאיש אָדער יידיש. געהעריקייט צו אַ יידישער געמיינדע? די מערסטע יידן זיינען ניט קיין מיטגלידער פון אַ יידישער געמיינדע. אָבער אַז עס וועט זיך גרינדן אַ יידישע מלוכה וועט זיך יידישע בירגערשאַפט נאָרמאַליזירן. יידן וועלן זיך קענען אָפּזאָגן פון זייער יידישקייט און ווערן בירגער פון משהס גלויבן. יידישע אמונה וועט ווערן בלויז רעליגיע. די כנסת ישראל וועט ווערן בלויז אַ פאָלק. עס וועט פאַרשווינדן די אַבסטראַקציע פון יידישער אַנגעהערשאַפט, וואָס ביי איר זיי־נען: דער פילאָסאָף בערגסאָן, דער עקסטרעמער טראָצקי און דער פרומער ליובאַוויטשער רבי אַלע גלייכע יידישע בירגער אין יידנלאַנד.

גאָר אַ וויכטיקע פּראָבלעם וועט ביי יידן ווערן די פראַגע פון לאָיאַלי־טעט, וואָס איז באמת אַ פראַגע פון טאָטאַלער אַסימילאַציע. מיט לאָיאַליטעט מיין איך ניט דעם טומל, וואָס די אַנטיסעמיטן וועלן אויפהייבן וועגן יידישער טאָפּלטער לאָיאַליטעט. דאָס איז ניט וויכטיק. שונאי ישראל וועלן אייביק געפינען תירוצים אָנצופאַלן אויף יידן. די פּראָבלעם פון יידישער לאָיאַליטעט איז אַן אינעווייניקסטע יידישע פראַגע. ווי קאָנען מיר זיין אַ מלוכה־פאָלק און בלייבן לאָיאַל צו אונדזערע וואוין־ערטער?

געוויינלעך פֿאַרגלייכט מען יידן צו אַנדערע פֿעלקערשאַפֿטן, וואָס וואוי־נען איצט אין אַמעריקע. אָט האָבן די אירלענדער· איטאַליענער, די פֿראַנ־צויזן אייגענע מלוכות, דאָך באַשולדיקט מען ניט די אימיגראַנטן פֿון יענע מדינות אין ניט־לאָיאַליטעט. דער פֿאַרגלייך איז אָבער קיין פֿאַרגלייך ניט. דער רוב מנין און בנין פֿון יענע פֿעלקער וואוינען אין זייער מדינה. ווען אַ בירגער פֿון אָט די „נאָרמאַלע" פֿעלקער באַשטימט צו עמיגרירן פֿון זיין לאַנד, איז פֿאַר אים גאַנץ קלאָר, אַז ער נעמט אויף זיך אָפּצוזאָגן זיך פֿון זיין אייגענעם פֿאָטערלאַנד און זיין קולטור. אַוודאי אַסימילירט זיך ניט אָט דער אימיגראַנט באַלד ווי ער טרעט אַריבער די שוועל פֿון זיין אַדאָפּ־טירט פֿאָטערלאַנד. עס איז אַ פּראָצעס, וואָס אָפּט נעמט עס עטלעכע דורות. ס'איז דאָ אַן איבערגאַנג־פּעריאָד. ס'איז ניט וויכטיק ווי לאַנג דער איבער־גאַנג־פּעריאָד געדויערט: איין דור, צוויי דורות אָדער דריי דורות. ביז איצט האָט נאָך קיין מינדערהייט ניט באַוויזן אויפֿצוהאַלטן איר אידענטיטעט אין אַ פֿרעמד לאַנד. די יידן האָבן אָבער יאָ אויפֿגעהאַלטן זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אין דער פֿרעמד. דאָס האָט פּאַסירט ניט ווייל עס זיינען דאָ פֿאַראַן עפּעס געטלעכע סודות אָדער מיסטישע פּלענער פֿון דער נאַטור, נאָר פּשוט, די יידן האָבן זיך געפֿונען אין אַן אַנדער לאַגע. ווען מיר האָבן עמי־גרירט פֿון אַ לאַנד האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער בירגערשאַפֿט און קולטור פֿון יענעם לאַנד ווי אַלע עמיגראַנטן. דאָס געזעץ פֿון אַסימילאַציע איז אין דעם פּרט אויף אונדז געווען חל ווי אויף אַלע עמיגראַנטן. די יידישע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד האָבן זיך אין אַ דור — צוויי אָפּגעזאָגט פֿון זייער רוסיש. אָבער ווען ס'איז געקומען צו יידישקייט איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער ענין. יידן האָבן ניט עמיגרירט פֿון יידן־לאַנד. אונדזער יידנלאַנד איז אַזאַ, וואָס קען געטראָגן ווערן פֿון מדינה צו מדינה. דערפֿאַר איז דער צושטאַנד, וואָס ביי אַלע אימיגראַנטן איז ניט מער ווי אַן איבערגאַנג־פּעריאָד — דאָס מיינט, ניט זיין אינגאַנצן אַסימילירט מיט דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג — איז ביי יידן פּערמאַנענט. ס'האָט געקענט ביז איצט אַזוי זיין, ווייל אָט די אַנדערשקייט, די לאָיאַליטעט צו יידישקייט האָט ניט אַרומגענומען קיין מלוכה־לאָיאַליטעט און צוגעבונדנקייט צו אַן אַנדער לאַנד. די פֿעלקער אַרום אונדז און די יידן אַליין האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס אויפֿהאַלטן פֿון יידישן כאַראַק־טער האָט גאָר ניט צו טאָן מיט מלוכה ענינים און מדינה. די יידישע מלוכה איז אַ גייסטיקע, וואָס מישט זיך ניט אין פּאָליטישער מלוכה. אויב דאָס פֿאָלק צווישן וועלכן יידן האָבן געלעבט איז געווען גוט צו זיי האָבן יידן געקאָנט אָנטייל נעמען אין די מלחמות אַפֿילו אין אַגרעסיווע קאַמפֿן פֿון דעם

פאָלק און צו קיין קאָנפליקט האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרקומען צווישן די יידישע אינטערעסן און די פּאָליטישע אַמביציעס פון רעגירנדיקן פאָלק.

די לאַגע איצט וועט זיין אַן אַנדערע. פּאָליטיש וועלן מיר זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אָבער דאָך אַנדערש: דער גרעסטער טייל פון אונדזער פאָלק, ניינציק פּראָצענט און העכער וועט זיין אין דער פרעמד, און ביי זיי וועט דער דואַליזם ניט זיין ווי ביז איצט, אַ קולטורעלער, נאָר אויך אַ פּאָ־ליטישער און בירגערלעכער. אַזאַ קאָנפליקט קענען יידן לייזן נאָר אויף דעם אופן ווי אַלע פעלקער לייזן אים — דהיינו, אַז דער איבערגאַנגס־פּעריאָד זאָל זיין אַ צייטווייליקער ווי ביי אַלע אימיגראַנטן. דאָס מיינט: דער גלות ווערט „אין דער פרעמד" און מוז אונטערגיין.

דאָס וואָס העברעאיש איז אָנגענומען געוואָרן אין ישראל ווי די נאַ־ציאָנאַלע שפּראַך און איז געוואָרן דאָס טאָג־טעגלעכע לשון קאָן אָפּפרעמדן יידן פון די אַלטע מקורות. איך גיי דאָ ניט אַריין אין דעם ענין, וואָס די יידן פון ארץ־ישראל האָבן זיך פאַרשניטן פון שעפערישסטן טייל פון גלות־יידן, — די יידיש־רעדנדיקע יידן. איך וויל דאָ אויך ניט באַטאָנען, אַז דאָס שאַפן אַ ניי לשון נעמט אַוועק אַ סך כוחות, וואָס האָבן געקאָנט פאַרנוצט ווערן אויף אַנדערע פעלדער פון אַרבעט. די סכנה איז גאָר אַזאַ, וואָס כמעט אַלע פון אונדז האָבן זי פאַרזען: דהיינו, ווייל העברעאיש איז געוואָרן אַ גערעדטע שפּראַך, קאָן זי פאַרגעסן ווערן אין די קומענדיקע דורות. יידן האָבן געהאַט זייער אַ געזונטן איינשטעל מיט העברעאיש, זיי האָבן די שפּראַך געמאַכט פאַר אַ לשון־קודש. אַ הייליקע שפּראַך רעדט מען ניט, אָבער מען לערנט זי, מען שטודירט זי. די אַנטוויקלונג פון אַ שריפט־שפּראַך איז זייער אַ בהדרגהדיקע. זי איז מער אָדער ווייניקער פאַרפיקסירט. אַזוי איז געשען אַז יידן האָבן ניט פאַרגעסן קיין העברעאיש. דאָס לשון איז געווען די צווייטע שפּראַך אין מויל פון אַ פאָלק. די לאַגע איז גאָר אַנדערש איצט, ווען העברעאיש ווערט אַ סעקולאַרע גערעדטע שפּראַך.

אַ לעבעדיקע שפּראַך אַנטוויקלט זיך. אַזוי איז דער דרך־העולם. היינ־טיקע ענגלענדער פאַרשטייען ניט טשאָוסערס לשון. די גריכן רעדן אַ גריכיש, וואָס האָט ווייניק שייכות מיט האָמערס שפּראַך. מיט העברעאיש וועט אויך דאָס זעלבע געשען. אין אַ פּאָר דורות אַרום קאָן דער תנ"ך ווערן אַ פאַר־חתמעטער ספר פאַר יידן. יידן וועלן ריידן העברעאיש און פאַרגעסן לשון־קודש.

אַז איך טרייב ניט איבער די סכנה, אַז דער העברעאיש זאָל ווערן אין

גאַנצן אַן אַנדער שפּראַך אין משך פון יאָרן, קאָן מען זעען פון דעם מאמר, וואָס איז געווען געדרוקט אין העברעאישן זשורנאַל „הדואר". שוין איצט, קלאָגט דער שרייבער, איז דאָ אַ ריס צווישן דעם גלות און ארץ־ישראלדיקן העברעאיש:

„דערפאַר האָב איך זיך אָפּגעשטעלט וועגן דער קליינער פּראָבלעם פון דעם „אַלטן" לשון, ווען איך האָב די טעג געלייענט דאָס „יאָרבוך פון אַמע־ריקאַנער יידן" (תש"ז), איבערהויפּט ווען איך האָב געלייענט די פּראָזע־אָפּטיילונג, די אַלערליי דערציילונגען, וואָס אַלע זיינען געשריבן געוואָרן אין דעם „אַלטן" לשון. און הלילה, איך מיין עס ניט אין נעגאַטיוון זין, נאָר איך וויל באַטאָנען דעם עצם פאַקט, אַז ביסלעכווייז דערווייטערט זיך דער העברע־איש פון ארץ ישראל פון דער שיינער ליטעראַרישער שפּראַך פון דעם פריער־דיקן דור. ניט זיי דערווייטערן זיך, נאָר מיר דאָ. און ווי אַזוי וועלן מיר דערגרייכן אַ סינטעזע? ווער וועט זיגן? אויך אין דעם וועט זיין וויכטיק אַריינצוטראַכטן זיך (113).

אַ יידישע מלוכה מיט העברעאיש ווי איר אָפיציעלע שפּראַך וועט נאָך פאַרערגערן די שלעכטע מערכה פון יידיש. עס וועט ווערן שווערער און שווע־רער אָנצוהאַלטן יידישן שולן, אויפצוהאַלטן יידיש אין די ישיבות און בכלל צו געפינען אַ באַרעכטיקונג צו לערנען יידיש. דאָס יידישע לשון איז דער שטאַרקסטער אינסטרומענט קעגן אַסימילאַציע. די גלות־יידן וועלן פאַרגעסן יידיש און זיך ניט אויסלערנען קיין העברעאיש. דער ריס צווישן ישראל און די יידן פון דער וועלט וועט ווערן גרעסער און טיפער. אין גאָר אַ קורצער צייט אַרום קאָן קיין זכר ניט בלייבן פון קיין געמיינשאַפטלעכער שפּראַך.

די פראַגע פון דערציאונג אין גלות וועט ווערן גאָר אַ שווערע. אין משך פון טויזנטער, טויזנטער יאָרן איז געווען אַ באַשטימטער איינשטעל פאַרן יידישן חינוך פון קינדער. מיר האָבן אונדזערע קינדער איבערגעגעבן אַ לאָיאַליטעט צו אַ יידישקייט, וואָס איז ניט צוגעבונדן צו לאַנד און מלוכה. די אַבסטראַקטע יידישקייט איז געווען ווי דער משכן, וואָס מען האָט אים געקאָנט טראָגן פון אָרט צו אָרט. מען האָט געקאָנט לערנען די קינדער אַ צובונד צו כנסת ישראל, וואָס האָט פאַראייניקט אַלע יידן פון אַלע לענדער און דאָך זיך ניט אַריינגעריסן אין דער ספערע פון דער לאָקאַלער מלוכה און מדינה. ארץ ישראל און כנסת ישראל זיינען געווען גייסטיקע באַגריפן.

---

(113) דוד קמחי, הדואר, חשון תש"ז, גליון מא.

אָבער ווי אַזוי וועלן מיר דערציִען אונדזערע קינדער איצט, אַז כנסת ישראל און ארץ ישראל זיינען געוואָרן ישראל — אַ יידישע מלוכה? וועלן מיר זיי דערציִען ווי ישראל־בירגער, וואָס וואוינען אין דער פרעמד? קאָן אַזאַ דערציאונג זיין ווירקזאַם? קאָן וועלכער ס׳איז ישוב קוקן אויף זיך ווי אַ טפל און ניט פאַרוויאַנעט ווערן? וועלן מיר זיי דערציִען ווי יידן, וואָס זיינען איינגעוואָרצלט אין זייערע וואוינערטער און זייער פאַרבינדונג מיט ישראל איז נאָר אַ גייסטיקע? אויב יאָ, אין וואָס־זשע באַשטייט אונדזער גייסטיקער צובונד צו אַ קאָנקרעטער, סעקולאַרער ישראל־מלוכה?

קיין פאָלק אין דער וועלט איז ניט געלונגען אין דער פרעמד צו ציִען זיין המשך. וועלן מיר עס טאָן? ביז איצט זיינען מיר געווען אַנדערש, ווייל מיר האָבן פאַרביטן דעם באַגריף פרעמדקייט אויף דעם באַגריף גלות. אָבער איצט, אַז מיר וועלן ווערן מיט פעלקער צוגלייך, ווי אַזוי וועלן מיר קאָנען איינשטעלן, אין דער פרעמד, אַ דערציאונג, וואָס זאָל קאָנען אָנ־האַלטן דורות?

דאָס דאַרפן יידן איצט פאַרשטיין און באַנעמען.

מיר דאַרפן באַגרייפן, אַז מיר טרעטן איצט אַריין אין אַ נייער תקופה פון יידישער געשיכטע און פראַגעס און פראָבלעמען וועלן אַרויפשווימען, וואָס ניט אונדזערע עלטערן און ניט אונדזערע אור־עלטערן האָבן וועגן זיי געחלומט.

## יג. השערות און סברות

יידיש לעבן האָט זיך איבערגעבראָכן. מיר האָבן זיך פאַרנומען אויף אַ גאָר נייעם וועג, אויף אַ וועג, וואָס מיר האָבן ניט געוואָלט גיין אין משך פון אונדזער גאַנצן לאַנגן גלות. די שטרעבונג צו זיין ווי אַלע אַנדערע פעלקער, וואָס איז געלעגן איינגעשלאָפן אין געדעכעניש פון פאָלק, האָט דערוואַכט און געקראָגן די איבערהאַנט אין אונדזער לעבן. יידן האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו באַזעצן אַ טעריטאָריע, איינגענעמען זי און באַזיגן זי.

ווען דאָס באַזעצן פון דער טעריטאָריע וואָלט אויך געווען פאַרבונדן מיט קיבוץ גליות וואָלטן די יידן־פראַגע און די יידיש־פראַגע — ביידע — וואָלטן געלייזט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך יידן וואָלטן זיך געראַנגלט מיט זייער געוויסן, צי עס איז עטיש לויטן יידישן באַגריף צו באַזיגן אַ לאַנד דורך קאָלאָניזאַציע און שווערד. אָבער די גרויסע מערהייט וואָלט עס מתיר

געווען און גאַר גוטע, טייערע יידן וואָלטן עס אויסגעטייטשט ווי אַ מצווה (114). עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז ביי די נייע אומשטאַנדן וואָלט זיך אַרויסגעשיילט, מיט דער צייט, אַ יידישע אומה, וואָס וואָלט אָנגענומען דעם גייסטיקן געשטאַלט פון אַלע אַנדערע אומות. אַז דער כאַראַקטער פון אַ פאָלק קאָן זיך בייטן האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן. אָט האָט זיך דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק סעקולאַריזירט. אָט האָט דער טייל פון אונדזער פאָלק, וואָס האָט אימיגרירט קיין אַמעריקע, אינגאַנצן זיך געביטן אין משך פון כמעט צוויי דורות. מען קאָן אויך ברענגען ביישפילן פון אַנדערע פעלקער.

ווען אַ קיבוץ גליות וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט וואָלט ניט די יידן־פראַגע און ניט די יידישקייט פראַגע — ביידע וואָלטן ניט געווען אַזוי פאַרשאַרפט. אָבער צו קיין קיבוץ גליות קאָן ניט קומען אין דער נאָענטער צוקונפט. אפשר אין דער ווייטער צוקונפט אויך ניט. דערווייל זיינען קרוב דריי און נייַנציק פראָצענט פון די יידן צעשפּרייט איבער דער וועלט. דאָס רוב פון פאָלק וועט מסתמא בלייבן אין גלות. סיידן עס זאָל חלילה קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס זאָל ראַדיקאַל לייזן די יידן־פראַגע איבער דער וועלט און אין דער זעלביקער צייט ניט אָנרירן דעם ישוב אין ישראל. אָבער אַ פאָלקסלעבן ווערט ניט געבויט אויף אַ ווייט מעגלעכן אומגליק. וויבאַלד, אַז די מערהייט פון אונדזער פאָלק וועט בלייבן צעשפּרייט איבער דער וועלט — „קאָן מען אַפילו ניט חלומען, אַז דאָס באַזעצן (פון לאַנד ישראל) וועט לייזן אַפילו אויף עפּעס וואָס די פראַגע פון גלות“ (115).

(114) ס'איז אינטערעסאַנט, אַז רש״י האָט זיך שוין געראַנגלט מיט דער פראַגע צי מען מעג איינעמען אַ לאַנד מיט דער שווערד. זע וואָס רש״י מאַכט אויף דעם ערשטן פסוק פון בראשית. דער היסטאָריקער וויליאַם פאַקסוועל אָלברייט, וואָס קאָן זיכער פאַררעכנט ווערן ווי איינער פון די חסידי אומות העולם פסקנט, אַז אַ קולטורעל פאָלק מעג באַזיגן דאָס לאַנד, וואָס איז באַזעצט פון אַ נידעריקערן פאָלק. זע: William Foxwell Albright: From Stone Age to Christianity, p. 214

דאָרט רעדט פּראָפעסאָר וויליאַם פאַקסוועל אָלברייט וועגן דעם זיג פון די רוימער איבער די קאַרטאַגער און וועגן דעם זיג פון די בני־ישראל איבער די כנענים.

(115) יחזקאל קויפמן: גולה ונכר, כרך שני, ז' 470. מיין איבערזעצונג איז ניט קיין ווערטערלעכע, אָבער אַ פּינקטלעכע. דער אָריגינאַל איז: „אין לחלום שהתישבות זו יהיה בה כדי לפתור אף במקצת את שאלת הגלות“. די פירער פון ישראל מיינען, אַז די איצטיקע יידישע גאולה קאָן ניט זיין קיין גאולה שלמה אָן אַ קיבוץ גליות. דוד בן גוריון, דער איצטיקער פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל זאָגט: „מיר שטייען אויפן שוועל פון אַ גרויסער טראַנספאָרמאַציע, וואָס האָט

איצט זעט אויס, אַז דער קאַמף אין ישראל האָט געווירקט צום גוטן אויף יידן אין גלות. עס מערקט זיך. אַן אויסערגעוויינלעכע אַקטיוויטעט אַפילו צווישן די אַפּגעפרעמדטע יידן. אָבער עס קאָן זיין, אַז דאָס איז בלויז דער סטימול פון עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם. איצט קאָן אין פאַלק קריגן אַן אָפּקלאַנג אַפילו אַזאַ טרומייטער:

„דער פירער האָט אונדז געלערנט דריי זאַכן: אַנגעצייכנטער ציל, מי־ליטערישע אויפלעבונג און ליבע פון יידישן ווידערשטאַנד" (116).

אַפילו אַזאַ תוכיקער און איינגעוואָרצלטער ייד ווי דער העברעאיסט דניאל פערסקי שרייבט מיט התלהבות וועגן אַן עקסטרעמען נאַציאָנאַליס־טישן קעמפּ:

„אַ ייִנגל וואָס ווערט דאָרט בר־מצוה גיט מען אים אַ מתנה, ווי אַ סימן פון פיזישער און גייסטיקער רייפקייט, אַ תנ"ך און אַ רעוואָלווער" (117).

אָט אַזאַ געמיש פון טומאה און קדושה איז זייער פאַרשטענדלעך פאַר

---

ניט קיין גלייכן אין אונדזער געשיכטע. עס קומט איצט פאַר אַ גרינטלעכע רעוואָלוציע אין דער יידישער געשיכטע. בדרך כלל ווייסן מיר וואָס עס זיינען די צילן פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע. אונדזער היסטאָרישער געראַנגל ווערט געפירט פאַר דריי זאַכן: קיבוץ גליות, דער אויפבוי פון וויסטעניש פון דעם היימלאַנד, און אַן אַרבעטער געזעלשאַפט. פון אויבנאויף זיינען דאָס דריי באַזונדערע זאַכן, אין דער אמתן, אָבער, דריי פאַרשידענע אויסדרוקן פון איין ציל, וואָס זיין אינהאַלט איז גאולה שלמה" (מיין קורסיוו). („מיטן פּנים צו דער צוקונפט", פון אַ רעדע צו אַ צוזאַמענקונפט פון מיטגלידער פון קיבוץ מאוחד, פון דוד בן גוריון — „יידישער קעמפּער" נומ' 777, י"ז חשון, תש"ט). בן גוריון דערקלערט אונדז ניט ווי אַזוי עס קאָן קומען צו אַ קיבוץ גליות. וועט עס זיין אַ פרייוויליקער פּראָצעס? וועלן די גויים נויטן די יידן עמיגרירן קיין ישראל? וועט אַ נייע היטלער-גזירה קומען אויף יידן? אָדער אפשר, גלויבט ער, אַז דער גלות וועט במילא אונטערגיין און בלויז ארץ ישראל וועט בלייבן, וועט שוין במילא זיין אַ קיבוץ גליות — אַ נע־גאַטיווער? אפשר וועלן די אַלע דריי פאַקטאָרן ווירקן מיט דער צייט? קלאָר איז אָבער, אַז בן גוריון איז מיט דער זעלביקער מיינונג ווי חיים גרינבערג, אַז ס'איז ניטאָ קיין האָפענונג פאַר יידן אין גלות. אויך איז פון זיינע רייד קלאָר, אַז אַ ישראל, וואָס באַשטייט פון זיבן אָדער צען פּראָצענט פון דער צאָל יידן אויף דער וועלט, איז ניט קיין לייזונג ניט פאַר דער יידן-פראַגע און ניט פאַר דער יידיש־קייט-פראַגע.

(116) מיין קורסיוו. אַרויסגענומען פון אַן אַנאָנס צו זשאַבאָטינסקים יאָר־צייט אין „טאָג", תש"ח.

(117) מיין קורסיוו. דניאל פרסקי: המחנה מסד, „הדואר", גליון ל"ה, מנחם אב תש"ו. אין „פאָרווערטס", אָקטאָבער 11, 1948, איז דאָ אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ קבלת פנים לכבוד ד"ר חיים ווייצמאַן אין תל אביב שטייען צוויי סאָל־דאַטן לעבן אים, פון זיין לינקער זייט — אַ סאָלדאַט מיט אַ ספר תורה, פון זיין רעכטער זייט — אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס.

אָפּגעפּרעמדטע יידן און פאַר סעקולאַרע יידן בכלל. די פעלקער אַרום אונדז האָבן שטענדיק שלום געמאַכט מיט דער רעאַלער וועלט. די אָפיציעלע קירך האָט קיינמאָל ניט גרינגעשעצט מאַכט. קריסטנטום איז גאַנץ היפש פאַרשפּרייט געוואָרן מיט דער שווערד. די קירך האָט אָפט געשטיצט זיך אויף דער מדינה־מאַכט. ס'איז דאָ אַ בילד ווי די שפּאַניער לאַנדן אויף דעם ניי־אַנט־דעקטן קאָנטינענט — שטייט אַ באַוואָפנטער ריטער אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה זעלנער און לעבן דעם ריטער שטייט אַ גלח, וואָס גראָבט איין אַ גרויסן צלם אין דער ערד. מען קאָן זאָגן אַז נאָר יידישקייט האָט ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער רעאַלער וועלט. פאַר „ראַנד־יידן" איז אַ מיליטאַנטישע אַנ־גרייפנדיקע־קאָמפּראָמיס־יידישקייט מער פאַרשטענדלעך ווי אַ יידישקייט, וואָס פאָדערט אַן אמת הייליק לעבן. דערפאַר איז איצט דאָ אַזאַ ענטוזיאַזם, פאַר דעם וואָס עס קומט פאַר איצט אין ארץ ישראל, ביי דער גרעסטער מערהייט פון די יידן, וואָס לעבן אַ גוייש טאָג־טעגלעך לעבן.

דאָס קאָן דאָך אָבער אפשר זיין ניט מער ווי אַ צייטווייליקע דערשיינונג. די בייקייט פון קריגן אַ לאַנד, דער חידוש, וואָס מיר ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער האָט אונדז פּשוט ווי פאַרבלענדט. דער נאַטירלעכער הונגער נאָך די צאַצקעס, וואָס די שכנים האָבן — אַ פלאַג, זעלנערישע עפּאָלעטן, דיפּלאָ־מאַטן א. אַ. וו. האָט יידן פאַרכאַפּט. איבערהויפּט איצט, ווען מיר האָבן אַזוי־פיל געליטן פון מאַכט, דוכט זיך אונדז אַז אַ לייזונג פון אונדזערע צרות קאָן קומען אויב מיר וועלן ווערן כאַטש אַ ביסל ווי זיי... אָבער דער האָניג־חודש וועט דאָך אַריבער. און דעמאָלט? — וועט דאָס יידישע פאָלק מסכים זיין צו ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער בלויז? עס גלויבט זיך קוים!

„עס איז אוממעגלעך פאַר אַן אַלט פאָלק, וואָס איז געווען „דער פאָקל פאַר דער וועלט" צו באַנוגענען זיך, ווי אַ באַלוינונג פאַר אַלע זיינעליידן, מיט אַזאַ קלייניקייט, וואָס אַנדערע פעלקער אַן אַ נאָמען און אָן אַ ציוויר־ליזאַציע, האָבן עס דערגרייכט אין אַ קורצער צייט, ניט געליטן קיין טראָפּן פון דעם, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען. ניט אומזיסט זיינען אויפגעשטאַנען נביאים ביי יידן" (118).

מיר האָבן פריער געזען, אַז ווען יידן האָבן געהאַט אַ מלוכה, האָבן זיי געוואָלט צו איר נאָך עפּעס. און געדענקען דאַרפן מיר, אַז דעמאָלט איז דאָס רוב מגין ובנין געווען אויף זיין אייגן לאַנד. יידן זיינען ניט געוואָרן אויס

(118) אחד העם, זע אויבן ז' 78.

פאָלק אין גלות, „ווייל די אידעע יידישקייט איז געווען ביי זיי מער וויכטיק ווי אַ יידיש לאַנד אָדער (אַ נאָרמאַל) יידיש נאַציאָנאַל לעבן" (119).

קאָנען יידן איצט זיך אָפּזאָגן פון דער ירושה? וועלן זיך אין פאָלק ניט דערוועקן קיין כוחות, וואָס וועלן זיך שטעלן אַנטקעגן דער שטרעבונג צו ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער?

און מיר זעען טאַקע, אַז אַפילו איצט, אין דער פאַרשיכורונג פון דעם „אָנהייב" הערן זיך שטימען קעגן דער העגעמאָניע פון יידישער סעקולאַרער מלוכה. איך קען ברענגען צענדליקער אָפּהאַנדלונגען און מאמרים פון יידישע דענקער, וואָס האָבן וועגן דעם ענין געשריבן באריכות. אָבער איך וועל זיך באַנוגענען מיט אויסצוגן פון איין מאמר:

„מיין צוועק אין דעם מאמר איז צו באַווייזן, אַז די האָפענונג אויפצוהאַלטן די כנסת ישראל ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, וואָס בייטיקט זיך אין אַ גייסטיקן צענטער, פּאַסט ניט צו די אומשטאַנדן סיי אין ארץ ישראל און סיי אין גלות. אין ארץ ישראל וועט די יידישע קולטור ניט ווערן פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם אויב מיר וועלן זי ווייטער איינקוועטשן מיט די קייטן פון סעקולאַרן נאַציאָנאַליזם, ממילא וועט זי פון זיך ניט אַרויסגעבן קיין אידעאַלן פון גרויס חשיבות, און אין גלות וועט דער נאַציאָנאַלער קולטור פון ארץ ישראל פעלן כוחות און פאַרנעם. דער באַגריף פון גייסטיקן צענטער פאָדערט אַ קעגנזייטיקע השפעה פון צענטער אויפן היקף און פון דעם היקף אויפן צענטער. אָבער אויב דער קיבוץ אין ארץ ישראל וועט זיין איינגעשלאָסן און איינגעשרומפּן אין זיינע פיר איילן, אָדער ווייל זיין קולטור וועט זיין אין עיקר אַ סעקולאַר־נאַציאָנאַלע קולטור, ווי די קולטור פון אַלע אַנדערע פעלקער, אָדער ווייל די יידישקייט אין גלות וועט פאַרוויאַנעט ווערן און וועט ניט האָבן די קראַפט צו גע־ניסן פון די שאַפונגען פון הייליקן לאַנד, וועט דאָך אונדזער לאַנד ווידער ווערן אַ קליין לענדעלע פאַרריגלט און פאַרשלאָסן אין זיך, אָן אַ נשמה יתרה, וואָס קאָן ניט דערהייבן אירע ווערטן און געבן געשטאַלט און פאָרם צום חלום פון ציון, וועגן וואָס די גרויסע פון אונדזער אומה האָבן געחלומט" (120).

אין דעם זעלביקן מאמר זאָגט דר. אייגוס, אַז יידן זיינען אַנטלאָפן פון קודש צו חול — פון הייליקייט צו וואָכעדיקייט — און איצט מוזן זיי זיך צוריקקערן צו קדושה.

---

(119) זע: Solomon Grayzel: A History of the Jews, p. 189

(120) הרב יעקב אייגוס: מרכז רוחני דתי, „הדואר", גליון היובל, תש"ז.

„די אַלע יידישע שרייבערס ווי טשערניכאָווסקי, בערדיטשעווסקי, ברע־נער, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן יידישער עטיק און מאָראַל און וועלט־באַנעם, האָבן אפשר געהאַט אַ געוויסע באַרעכטיקונג. זיי האָבן געלערנט דאָס פאָלק ליב צו האָבן דאָס לעבן, די נאַטור און צו פאַרגעטערן פרייהייט. אָבער זיי האָבן אויך אָנגעטאָן שאָדן, ווייל דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן צו פאַר־מיאוסן דעם גלות און די רעליגיעזע קולטור, וואָס זי האָט געשאַפן. די קולטור, וואָס האָט דערגרייכט איר העכסטע הייך אין די לענדער פון גלות האָט מען פאַררעכנט פאַר אַ זינד און חרפה".

דר. אייגוס מיינט, אַז עס דאַרף ווערן אַ סינטעזע ביי יידן צווישן דעם גלותדיקן קדושה־אָנגריף און דעם סעקולאַרן באַגריף פון לעבן.

„די עקסטרעמע קאָנצענטרירונג אין דלד אמות פון הלכה האָט געבוירן די תשוקה און גלוסט צום ברייטן לעבן פון דער סעקולאַרער וועלט. אָבער די סעקולאַרע באַוועגונג האָט דערגרייכט איר שפּיץ. אירע דינאַמישע כוחות, וואָס זיינען אין איר געווען פּאָטענציעל זיינען שוין אויסגעוועבט געוואָרן. דער פּאָזיטיווער כוח, וואָס איז געווען אין דער נעגאַטיווער באַוועגונג, האָט אויפ־געהערט צו ווירקן אַזוי, אַז די סעקולאַרע באַוועגונג קאָן ניט צושטעלן דעם יידישן פאָלק גענוג גייסטיקע שפּייז. איך גלויב באמונה שלמה, אַז די תקופה פון סינטעזע וועט קומען, ווייל זי שפּייזט זיך פון יענע כוחות, וואָס האָבן געשאַפן די אַנטי־טעזע. ארץ ישראל וועט ניט ווערן קיין גייסטיקער צענטער אויב דער סעקולאַרער נאַציאָנאַלער בליק וועט ווייטער זיין דער הערשנדיקער אין דער יידישער קולטור" (121).

ס'איז קלאָר, אַז די גאַנצע יידישע ירושה קאָן ניט אָפּגעווישט ווערן איבער נאַכט און די אַלטע יידישע גרונט־יסודות זיינען נאָך גענוג שטאַרק, אַז מיר זאָלן קאָנען בויען אַ מאָדערנעם יידישן וועלט־באַנעם, וואָס זאָל באַ־פרוכפּערן אונדזער גלות־לעבן, מאַכן אים שעפעריש און אַזוי יידישלעך רייך, אַז ארץ ישראל מיט דער סעקולאַרער מלוכה זאָל ניט קאָנען קריגן די אייבערהאַנט און דאָמינירן אונדזער לעבן און אים איינשרומפּן.

יידן וועלן נאָך אָנהייבן צו באַגרייפן, אַז אַפילו ווען מיר האָבן שוין געשאַפן אַ מלוכה און געגרינדעט אַ יידישע מדינה איז „משיח נאָך ניט גע־קומען". ער איז ניט געקומען, ווייל פיזיש בלייבט דער גלות און מאָראַליש איז די וועלט געבליבן ווי זי איז. דער רוב מנין ובנין פון יידן לעבט בכל

---

(121) דאָרט. מיין קורסיוו.

תפוצות העולם און די שכינה איז אין גלות. כל־זמן די שכינה איז פאַרטריבן קאָן די וועלט ניט קומען צו שלמות, און אַ וועלט, וואָס האָט ניט קיין שלמות, אין אַ רשעותדיקער וועלט, קענען יידן ניט זיין קיין אויסגעלייזטע. ארץ ישראל איז בלויז נאָך אַ יידישער ישוב, אַ וויכטיקער יידישער ישוב, אפשר איצט דער וויכטיקסטער יידישער ישוב אין דער וועלט, סיי צוליב זיין געאָ־גראַפישן איינשטעל און סיי צוליב דעם, וואָס ער וועט אָפּשוואַכן, מיט זיין עקזיסטענץ, די סעקולאַרע בענקשאַפט נאָך אַ מדינה ביי אַ סך יידן. אין גאַר **אַ קורצער צייט קאָן גריילעך זיין, אַז ארץ ישראל זאָל ווערן דער וויכטיקסטער יידישער צענטער. די אַרומיקע סביבה, די ניט־יידישע באַפעלקערונג, שטייט אויף אַ סך אַ נידעריקער קולטורעלער מדרגה ווי די יידישע. יידן וועלן ניט געשטערט ווערן פון אַ שטאַרקער דרויסנדיקער קולטור. אויך אין איצטיקן מאָמענט זיינען דאָ גינסטיקע אומשטענדן צו אַנטוויקלען אַ גאַנצע יידישע עקאָנאָמיק, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן זינט דעם חורבן פון שטעטל.**

אָבער די כנסת ישראל איז מער פון וועלכן ניט איז ישוב. זי איז מער פון וועלכן ניט איז געאָגראַפישן פונקט, מער ווי אַ מדינה, מער ווי ארץ ישראל און מער ווי דער גלות אינאיינעם מיט ארץ ישראל. און די כנסת ישראל קען זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט אַ מדינה — ווייל משיח איז נאָך ניט געקומען און מלכות מוז הערשן. די גאולה פון ישראל קאָן ניט קומען פאַר דער גאולה פון דער וועלט, וואָס מוז אויסלייזן ניט נאָר אַלע אומות נאָר אויך די יחידים פון די אומות.

**אין יידישן גלות־לעבן מוז נאָך אָנהייבן ווירקן דער עיקר פון יידישקייט, דאָס וואָס די פרושים האָבן כסדר באַטאָנט: „דער מענטש דאַרף דורך זיינע מעשים פאַרדינען גאָטס חסד, אַז דער גאַנצער זינען פון מענטשלעכן לעבן באַ־שטייט דערין, צו נעמען אויף זיך דעם יאָך פון גאָטס ווילן און גאָטס מצוות. דאָס איז אין גאַנצן פאַרטושט געוואָרן אין דער מאָדערנער וועלט און אין היינטיקן לעבן. דער היינטיקער סאָציאַליזם איז אַ המשך פון פּאָולוסעס איינשטעל, אַז דורך גלויבן, ניט דורך מעשים קאָן מען דערגרייכן גאָט“ (122).**

**דער אַלטער באַגריף פון יידישקייט האָלט, אַז דער יידישער יחיד דאַרף ניט אַזוי פיל דאגהן פאַר קיום האומה ווי פאַרן אייגענעם יידישן דרך. זיין חשבון דאַרף זיין צווישן אים און גאָט און ניט צווישן אים און פאָלק. דער**

(122) אברהם מענעס: „יידישער גלויבן אין אונדזער צייט“. „יידישער קעמפער“, ראש השנה נומער תש״ח.

ייד אין גלות מוז אויף זיך ווידער נעמען פערזענלעכע אחריות, דאָס פאַר־קערטע, וואָס אַחד־העם האָט געפּרעדיקט: ניט דער כלל איז דער העכסטער תכלית, נאָר דאָס גייסטיקע גליק פון יחיד איז דער עיקר. וועלן יידישע יחידים לעבן ווי יידן וועט שוין במילא זיין אַ יידיש פאָלק.

וועט דאָס אַריינדרינגען אין אונדזער באַוואוסטזיין וועט דער מאָדער־נער ייד ניט וואַרפן די גאַנצע שולד אויף עקאָנאָמישע אומשטאַנדן אָדער פאָ־ליטישע איינשטעלן און וואַרטן ביז זיי וועלן זיך בייטן. „אַ לעבן אין גאַנצן צוגעפּאַסט צו די אַרומיקע באַדינגונגען איז אַ לעבן אָן גייסטיקייט, אָן איני־דיווידואַליטעט״ (123).

ס׳איז דאָ אַ מדרש תנחומא: אויב דו וועסט זאָגן, פאַרוואָס האָט גאָט געשאַפן דעם יצר־הרע? אויב דו, גאָט, זאָגסט, אַז ער איז שלעכט, ווי עס שטייט געשריבן: „דער יצר־הרע פון דעם מענטשן איז שלעכט פון דער יוגנט אָן״ (בראשית ח׳, כא) ווי אַזוי זשע קען איך אים מאַכן גוט? ענטפערט גאָט: דו האָסט אים געמאַכט שלעכט. ווייל ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קינד האָסטו ניט געזינדיקט. אַז דו וואַקסט אויף, זינדיקסטו. אַ סך שלעכטע און ביטערע זאַכן זיינען דאָ אויף דער וועלט, ווי דער תורמוס, און דו ווייקסט אים, מאַכסט אים זיס מיט וואַסער. איז מה דאָך די ביטערע זאַכן, וואָס איך האָב געשאַפן מאַכסטו זיס, דעם יצר־הרע, וואָס איך האָב איבערגעגעבן אין דיין האַנט על אחת כמה וכמה, אַוודאי און אַוודאי (124).

אין דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע קאָן מען זאָגן, אַז ניט די נאַטור באַהערשט דעם מענטשן, נאָר דער מענטש באַהערשט די נאַטור. בטבע איז די נאַטור שלעכט, נאָר דער מענטש בעסערט זי אויס. אָט דער געדאַנק קאָן אונדז געבן אַ „מיליטאַנטישע אידעאָלאָגיע״ אויף וועלכער מיר וועלן צוריק אָנהייבן בויען אַ גאַנץ יידיש לעבן אין גלות. מיר וועלן צוריקבררענגען דעם איינשטעל: „אַ ייד טוט עס ניט״. עס וועט צוריק אויפגעלעבט ווערן „די הייליקע דיסציפּלין און מאָראַלישע אַחריות פון יחיד״.

די יידישע אָרטאָדאָקסיע, ניט געקוקט אויף אירע ריזיקע דער־פאָלגן, אין דער יידישער וועלט, קאָן דאָך סוף־כל־סוף ניט פאַרכאַפּן דעם גייסט פון יידישן פאָלק און דערוועקן אַן אמתע שעפערישע אויפלעבונג

(123) זע: .Rabbi Robert Gordis: Conservative Judaism, p. 19

(124) מדרש תנחומא, בראשית ז׳.

אין רוב מנין ובנין פון די יידן אין דער וועלט. די גרויסע מערהייט פון אונדז קאָן ניט ווערן שטרענג פרום. די אָרטאָדאָקסיע קאָן אַרויסשיילן פון זיך אַ מיליטאַנטישע און אַן אַגרעסיווע גרופּע, וואָס זאָל זייער אָפט פינאַנציעל געשטיצט ווערן, אויף אַ גאָר ברייטן פאַרנעם, פון „האַלבע" יידן, „פערטל" יידן און בכלל ראַנד־יידן, וואָס האַלטן פון מאָדע. אָבער דאָס רוב פון יידישן פאָלק אין אַמעריקע וועט ניט נאָכקומען אַפילו די מינימאַלע פאָדערונגען פון אַן אמתער אָרטאָדאָקסיע. דאָס יידישע פאָלק קאָן ניט ווערן צוריק שטרענג פרום און ווידער איינשטעלן זיין טאָג־טעגלעך לעבן לויט דעם שולחן־ערוך. דאָס קאָן ניט דורכגעפירט ווערן אין לעבן, ניט ווייל צו זיין באמת פרום איז אַ שווערער ענין. דאָס איז דווקא קיין חסרון ניט. די פשוטערע סיבה איז, אַז ניט קוקנדיק אויף דער רעליגיעזער בענקשאַפט, וואָס אַ גרויסע צאָל מענטשן טראָגן אין זיך, איז דער אָרטאָדאָקסישער וועלט־באַנעם ניט צוגעפּאַסט צו די באַגריפן פון דעם מאָדערנעם מענטשן. רוקן דעם זייגער אויף צוריק קאָן קיינער ניט. די גאַנצע וועלט איז איצט אַוועק פון דעם רעליגיעזן אָרטאָדאָקסישן וועלט־באַנעם און מיר קאָנען ניט זיין קיין אויסנאַם.

אָבער די גרויסע מעלה פון דעם אָרטאָדאָקסישן לעבן איז, וואָס ער איז רייך אין ריטואַל, צערעמאָניאַל, און סימבאָליק און האָט אַ דורות־איינגע־שטעלטן לעבנס־שטייגער. פון גאָר גרויס וויכטיקייט איז צו פאַרשטיין, אַז דער ריטואַל און צערעמאָניאַל זיינען אַריינגעראַמט אין אַ וועלט־באַנעם און פילאָסאָפיע. דאָס יידישע וועלטלעכע לעבן איז פונקט דער היפוך — ער איז טאַקע שעפעריש, אָבער אין גאַנצן אויסגעליידיקט פון סימבאָליק, ריטואַל און צערעמאָניאַל. דער מאָדערנער פרייער ייד פילט אַ פערזענלעכע, נויטווענדיקייט איינצושטעלן אַ לעבנס־שטייגער, אָבער ער איז ניט מסוגל זיך אַליין צו צאַמען און דיסציפּלינירן. ער גלויבט אין דעם כוח פון יידיש־קייט און אין דעם לעבנסוועג פון יידישקייט, אָבער ער האָט ניט דעם כוח צו קאָנקרעטיזירן זיין אַבסטראַקטן גלויבן.

ער קאָן ניט קאָנקרעטיזירן זיין גלויבן, ווייל ער האַלט, אַז דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן איז ניט קיין אינטעגראַלער טייל פון מענטשנס לעבנס־באַנעם; טאָג־טעגלעך לעבן באַזונדער און קולטור־באַזונדער. קולטור איז דעם יחיד צו גאָרנישט מחייב, ווייל קולטור איז אָדער אַבסטראַקטער גלויבן אַ ניט—פאַרווילונג. ס'איז ניטאָ קיין תורה, נאָר ליטעראַטור איז דאָ.

תורה דאַרף דער מענטש לערנען, כדי ער זאָל וויסן גאָטס וועגן. ער דאַרף וויסן גאָטס וועגן, כדי דער יחיד, זאָל קענען קומען אַ ריינער פאַר אים.

ליטעראַטור דאַרף מען לייענען, כדי הנאה צו האָבן. ליטעראַטור באַרײַכערט די קולטור פון אַ פאָלק, דאַרף דער יחיד זען, אַז קולטור זאָל געשאַפן ווערן צוליב דעם גליק פון פאָלק. דאָס איז דעם יחיד־יידן צו גאָרניט מחייב: ער קאָן דאָך הנאה האָבן פון עפּעס אַנדערש, ניט פון ליטעראַטור און דאָס גליק פון פאָלק קאָן קומען ניט נאָר דורך אים.

די גאַנצע צעשוואומענקייט פון מאָדערנעם יידן נעמט זיך פון דעם, וואָס דער יחיד פילט ניט, אַז ער דאַרף קאָנקרעטיזירן פאַר זיך זיין ספּעצ־ציפישן באַגריף פון יידישקייט. וועט אָבער דער יידישער יחיד צוריק דער־פילן די נויטווענדיקייט, אַז ער אַליין, פאַר זיך, דאַרף קאָנקרעטיזירן יידיש־קייט: ער מוז עס טאָן כדי זיין אייגן לעבן זאָל ווערן גאַנץ, הייליק און האָבן אַ זינען; ניט די אומה האָט אַ לעבנסשטייגער וואָס זי וואַרפט אָן אויף דעם יחיד, נאָר דאָס פאָלק האָט אַן אייגנאַרטיק לעבן ווייל מיליאָנען יידן פירן אַ הייליק יידיש לעבן; וועלן מיר עס דערפילן—האָט יידישקייט אַ זינען. מיר האָבן פונדאַסניי מיט וואָס צו באַרעכטיקן אונדזער קיום פאַר זיך און מיר האָבן פונדאַסניי מיט וואָס צו קומען צו דער וועלט: דער באַגריף פון גלות קעגן באַגריף פון אַ גאולה, וואָס דערלויבט אַן אומגערעכטע וועלט, און דער אַלטער יידישער באַגריף פון התחייבות פון יחיד צו גאָט קעגן דעם סעקולאַרן באַ־גריף פון יחידס התחייבות צום שטאַט, צו דער מדינה.

אָט די צוויי באַגריפן: גלות־באַוואוסטזיין און פּערזענלעכע אחריות קאָנען צוריק באַפרוכפּערן יידיש לעבן אין גלות און מאַכן אים שעפעריש אויף אַזוי פיל, אַז ער קען באַלאַנסירן די סעקולאַרע מלוכה אין ארץ־ישראל.

יידישקייט מוז צוריק ווערן די „גרונד־אידעע פון אַ פאָלקס־קולטור, דער גאַנצער וועלט־גורל פון דער אומה".

די „אויסגעליידיקטע" יידישע וועלט האָט אמונה. אמת, די אמונה איז געוואָרן אַן אַבסטראַקציע און דערפאַר איז זי אַזוי שוואַך, אַז זי איז ניט בכוח צו שאַפן אַפילו דאָס עלעמענטאַרסטע יידישע קהילה־לעבן. אָבער דער וואונ־דער איז ניט וואָס זי איז אַזוי שוואַך, נאָר וואָס דער מאָדערנער ייד האָט אמונה בכלל. מיר האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך די מ"ט שערי־ניט־יידישקייט, אַז מיר האָבן אין גאַנצן געדאַרפט פאַרלירן דעם פאַרלאַנג צו וועלן האָבן אַפילו אַ „צוגאָב" יידיש לעבן. אָבער אויב צו דער אַבסטראַקטער אמונה וועט אַקצעפּטירט ווערן דער פּרינציפּ פון פּערזענלעכער אחריות, וועט מען געפינען אַ וועג צו קאָנקרעטיזירן דעם אַבסטראַקטן גלויבן און באַנייען דעם אַלטן ריטואַל און איבערשאַפן דעם אַנגענומענעם יידישן לעבנס־שטייגער און אים צופּאַסן צו אונדזערע היינטיקע באַגריפן. אַ דור, וואָס וועט אויף

זיך נעמען דעם עול פון התחייבותן, וועט צוריקקריגן זייגע שעפערישע כוחות צו קאָנען שאַפן אַ גאַנץ יידיש לעבן. איך גלויב, אַז עס וועט זיך אין אים, אין דור, דערוועקן אַ גענוג שטאַרקער ווילן צו שאַפן אַפילו אַן אייגענע יידישע עקאָנאָמיק אין גלות און אַ טעריטאָריעלע אָפּגעזונדערטקייט אין די לענדער וואו מיר וואוינען. ווי מאַנכע פון אונדז האַלטן (און מיט רעכט), אַז אַזוי דאַרף אונדזער גלות־לעבן איינגעשטעלט ווערן (125).

אַריינגיין אין פּרטים און אויסאַרבעטן אַ דעטאַליזירטן פּלאַן איז אומ־מעגלעך. אַ לעבנסשטייגער ווערט ניט איינגעשטעלט לויט אַן אָנגעשריבע־נער פּראָגראַם. דעטאַלן, איינשטעלונגען און פּראַקטישע אָנווענדונגען — אַ שולחן־ערוך — וואַקסט אַרויס פון אַ שעפערישן לעבנס־שטייגער. מיר קאָנען געבן בלויז די מאָטיווירונג. אין איצטיקער צייט קאָן אַפילו ניט גע־שאַפן ווערן קיין גרינטלעכע טעאָרעטישע באַגרינדונג.

אָבער יידישקייט איז קיינמאָל ניט געבליבן אויף לאַנג סטאַטיש. די דינאַ־מישקייט פון יידישקייט נעמט זיך פון צוויי מקורות: אינערלעכער מהות פון די יידישע ווערטן און דער דרויסנדיקער דרוק. די גוישע וועלט האָט אונדז קיין מאָל אין גאַנצן ניט געלאָזן צורו — סיי ווען מיר זיינען געווען אויף דער אייגענער נחלה און סיי ווען מיר זיינען געווען צעשפּרייט צווישן די פעלקער. עס זיינען ניט געווען קיין רואיקע דריי דורות נאָכאַנאַנד, אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

די איצטיקע קאַטאַסטראָפע איז די גרעסטע אין דער יידישער געשיכטע. וועט נאָך איר ניט קומען קיין גרינטלעכער חשבון הנפש און דערהייבונג אין יידישן לעבן?

„אמתער פּראָגרעס, וואָס באַשטייט ניט בלויז פון באַקוועמלעכקייט פון גוף, נאָר אויך פון גייסטיקער און מאָראַלישער דערהייבונג, ווערט דער־גרייכט נאָר דורך גרויסע ליידן און קאַטאַסטראָפעס. די העכסטע מדרגה דערגרייכט אַ קיבוץ נאָך אַ געזעלשאַפטלעכן איבערבראָך, ווייל געוויינטלעך קומט אַ חשבון הנפש נאָך אַזאַ קאָנוואולסיע. יעדער פּעריאָד, ווען דאָס אַלטע ווערט פאַרשוועכט און דאָס נייע איז נאָך ניט געקומען, ברענגט אַ נייעם סאָציאַלן באַנעם און אַ טיפן גייסטיקן איבערבייט און פרישע וויזיעס און איבערבוי (126).

---

(125) עפּרויקין: אין חלום און אויף דער וואָר, ניו־יאָרק, 1946.

(126) זע: William Foxwell Albright: From Stone Age to Christianity, p. 310.

די איצטיקע קאַטאַסטראָפע האָט געבראַכט די רעאַליזירונג פון אַ יידישער מלוכה. דאָס איז גאָר אַ גרויסער אויפטו פאַר אַ טייל פון פאָלק. אָבער צו קיין קיבוץ־גליות איז ניט געקומען. דער רוב מנין ובנין פון דער אומה בלייבט אין גלות. אַט דער גרעסטער טייל פון פאָלק קאָן ניט בלייבן עקרהדיק און לעבן אין זכות פון ישראל.

יידן בכל תפוצות ישראל וועלן דערפאַר מוזן אָנהייבן צו מאַכן עקספּערימענטן ווי אַזוי צו קאָנקרעטיזירן יידישקייט אין מצוות מעשיות. מען דאַרף באַך אַמאָל איבערחזרן — מצוות מעשיות מיינט ניט צוריקקערן זיך בלינד צו דער אַלטער אָרטאָדאָקסישער יידישקייט, וואָס מוז ביי אונדז ווערן אַ פאַרגליווערטער, אויסגעלערנטער לעבנס־שטייגער, ווייל דער עיקר פעלט — בלינדע אמונה, וואָס קאָן ניט אָנגענומען ווערן איצט, פון אונדזער דור.

איבערשאַפן יידישקייט און קאָנקרעטיזירן עס אין מצוות מעשיות איז גאָר אַ שווערער ענין. פרומקייט בכלל איז אַ שווערער יאָך פאַרן מאָדערנעם יידן. שוין דורות, אַז מיר האָבן זיך צוגעוויינט צו אַ גרינגער יידישקייט. מיר זיינען געגליכן צו איינעם, וואָס האָט געפאַסט אַ לאַנגע צייט. דער חולה קאָן באַלד נאָכן תענית ניט אָנהייבן עסן נאָרמאַל. צוריק זיך צו דיסציפלינירן איז ניט קיין גרינגע זאַך.

אויך מצוות מעשיות אַליין זיינען ניט גענוג — די קאָנקרעטיזירונג פון יידישקייט מוז גיין אינאיינעם מיט אַ סאָציאַלן און עקאָנאָמישן איבערבוי פון יידישן לעבן אין גלות. דאָס קאָן ניט געטאָן ווערן אָן ברענגען גרויסע קרבנות.

אָבער אַ גרינגע יידישקייט איז אָפט אַ שווערער יאָך פון דער שווערסטער יידישקייט. מסכים צו זיין צו בלייבן אין גלות און פירן אַן אויסגעליידיקטן לעבן, וואָס האָט ניט קיין מאָטיווירונג פאַר זיין עקזיסטענץ, איז אַ גרעסערער יאָך ווי צו נעמען אויף זיך מצוות מעשיות. אַן עדה וואָס מוז קעמפן פאַר איר גייסטיקער עקסיסטענץ, און גאַנץ אָפט פאַר איר פיזישער זיכערקייט, מוז האָבן אַ פאַרוואָס פאַר דעם קאַמף. אַ סעקולאַרע יידישע מלוכה, וואָס לויט איר מהות מוז זי זיין געצוואונגען אָנצונעמען די מעטאָדן פון אַלע נאָרמאַלע פעלקער קאָן ניט זיין קיין סטימולאַנט און קיין באַרעכטיקונג פון גלות־ישובים, וואָס זיינען צען מאָל אַזוי די גרייס ווי די באַפעלקערונג פון מדינת ישראל.

כדי דער גלות זאָל בלייבן שעפעריש מוז קומען אַ באַגער פאַר אַן איבערשאַף פון אייגענעם לעבן. דאָס מוז קומען פון דער טיפעניש פון יידישן פאָלק. עס מוז קומען אַ יוגנט, וואָס זאָל זיין גרייט אָפּצוגעבן זיין גאַנץ לעבן

פאַרן איבערבוי פון יידישקייט, אין די לענדער וואו זיי וואוינען. עס מוז קומען אַ יוגנט וואָס דאַרף פאַרשטיין, אַז עס מוז זיין אַ געוויסע מאָס אַנדערש־קייט און אָפּגעזונדערטקייט פון אַלגעמיינעם ניט־יידישן לעבן, כדי אַ יידיש לעבן זאָל עקסיסטירן אין גלות.

**די יידישע יוגנט האָט זיך מקריב געווען פאַר השכלה, פאַר סאָציאַליזם, פאַר פריידענקעריי און פאַר וואָס ניט? דער חלוציזם, וואָס האָט אויפגעבויט ישראל איז ניט קיין איזאָלירטע דערשיינונג אין יידישן לעבן. חלוציזם איז אין יידישער טראַדיציע. אין דער ייד־ישער אַמעריקע וועט אויך אויפשטיין אַ חלוציזם, וואָס זיך שטעלן פאַר אַ ציל איבערצושאַפן אונדזער לעבן דאָ, אין אונדזער וואוין־אָרט, און מאַכן דעם גלות שעפעריש און געבן אים אַ זינען.**

**עס מוז אַזוי געשען. עס וועט אַזוי געשען. קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ, ווייל וועט אין גלות צוריק אויפקומען אַ שעפעריש יידיש לעבן, וועט דער גלות קאָנען באַלאַנסירן די סעקולאַרע מלוכה אין ארץ ישראל און ניט דערלאָזן, אַז זי זאָל ווערן די איינציקע הערשערין אין אונדזער יידיש לעבן. וועט דער גלות בלייבן שעפעריש, וועט די משיח־וויזיע ניט פאַרשווינדן פון יידישן לעבן און יידן, סיי אין גלות און סיי אין ארץ ישראל, וועלן ניט זען דעם תכלית, דעם ענדציל, פון יידישן קיום אין אַ יידישער מלוכה וואָס מוז זיין סעקולאַר.**

**וועט זיך אָבער ניט דערוועקן דער באַגער ביי יידן איבערצושאַפן יידישקייט אין גלות און דער קיום פון דער סעקולאַרער מלוכה וועט ווערן ביים פאָלק דער ענד־ציל, דעמאָלט קאָן נאָך, חלילה, קומען אַ קאַטאַסטראָפע.** ניט נאָר וועט דער גלות איינשרומפן און מיר וועלן ווערן אַ קליין פאָלק פיזיש און גייסטיק. נאָר איך גלייב אַז יידן וועלן עס בכלל ניט דולדן. יידן אַליין וועלן מיט זייער גייסטיקער אומצופרידנקייט אונטערגראָבן די יסודות פון אַ מלוכה, ווי מיר האָבן עס אַמאָל געטאָן. יידן וועלן ניט זיין צופרידן צו האָבן בלויז אַ מלוכה אָן „נאָך עפּעס". יידן קאָנען ניט ווערן ווי אַלע אַנדערע פעלקער. גענוג גייסטיקער און עטישער „סם" האָט זיך אָנגעקליבן אין אונדזער פאָלקס־גוף, אַז מיר זאָלן זיך באַנוגענען צו ווערן אַ קליין פעל־קעלע און שפּילן זיך מיט די „צאַצקעס", וואָס די פעלקער פון דער ערד שפּילן זיך (127). ווי אַמאָל וועלן זיך יידן אַנטקעגנשטעלן קעגן מדינה און

(127) „מדינת ישראל און דער תורה ייד" פון הרב פּנחס טייטץ, „מאָרגען זשורנאַל", י"ג אלול תש"ח. אין דעם אַרטיקל פון אָט דעם חשובן רב הערט מען אַן אָפּקלאַנג פון די נביאים און פּרושים. דער חשובער רב שרייבט: „מדינת ישראל

לאַנד, וואָס בטבע שרומפּן זיי איין, באַגרענעצן אַ פאָלק און בינדן אים צו צו אַ שטיקל ערד. מיר ווילן, חלילה, ניט האָבן ניט קיין ארץ ישראל און ניט קיין גלות. די כנסת ישראל דאַרף האָבן מער לופט און מער רוים ווי עס געפינט זיך אויף איין פיצל באַגרענעצט לאַנד.

**יאָ, עס וועט זיין אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל. אָבער געדענקען דאַרפן מיר געדענקען**, אַז משיח איז נאָך ניט געקומען. ער קאָן ניט קומען ביז די וועלט און מיר יידן וועלן ניט זיין ראוי פאַר אים. דערווייל איז ניט די וועלט ראוי אויפצונעמען משיחן און מיר יידן אויך ניט. אָן וועלט־דער־לייזונג קאָן קיין יידישע גאולה ניט זיין.

**אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל איז ניט מער ווי די באַפרייאונג פון קליינעם טייל יידן פון פרעמדן שעבוד מלכות.** דאָס איז אַ הצלה פורתא און אַ גרויסע נחמה אין דער איצטיקער צייט פאַרן יידישן פאָלק. באַנוגענען זיך מיט דעם קאָנען מיר ניט און טאָרן ניט.

**דאָס דאַרפן מיר געדענקען.**

כסלו תש״ז — כסלו תש״ט

ברוקלין, נ. י.

---

דאַרף געבויט ווערן אַלץ תורהקראַטיש — אין מדינת ישראל דאַרף געבויט ווערן אַן עכט הונדערט-פּראָצענטיק היסטאָריש יידיש תורה לעבן, ניט קיין איבערזעצונג פון קיין פרעמד-פעלקערלעכן לעבן — — — די גרעסטע יידישע פעלשונג, ווען עס זאָל עטאַבלירט ווערן אַ יידישער מלוכה-לעבן אין ארץ ישראל וואָס איז ניט באַזירט אויף תורה.״ איך האָב בכיוון געבראַכט די עטלעכע אויסצוגן כדי צו אילוסטרירן, וואָס איך מיין מיטן טערמין: עטישער סם. עס איז געווען באַריכטעט אין די יידישע צייטונגען פון חודש אלול תש״ח, אַז צוויי קוכאַרס אין דער יידישער אַרמיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קאָכן אום שבת, ווען זייער אָפּטיילונג האָט זיך גע-דאַרפט לאָזן אין וועג. זייער תירוץ איז געווען אַז זיי קאָנען צוגרייטן אַ קאַלטן מאָלצייט. מען האָט זיי געשטעלט צו אַ משפט און דער מיניסטער פון רעליגיע האָט פּראָטעסטירט. וואָס עס איז געווען דער סוף פון דער געשיכטע ווייס איך ניט, ס׳איז אָבער אַ וויכטיקע געשעעניש. זע דעם פריער געבראַכטן מאמר פון רמב״ם אויף זייט 9.

## ביכער פון זעלבן מחבר

שמערל נאַר — 1931, דריטע אויפלאַגע 1949.

דאָס קלוגע שניידערל — 1933, צווייטע אויפלאַגע 1949.

קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך איינס — 1936, צווייטע אויפלאַגע 1945.

קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך צוויי 1945.

ראָבערטס וועגטורעס — 1938.

די העלדן פון כעלם — 1942.

אין די טעג פון די נביאים — 1947.

די אַלע ביכער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פאַרלאַג „מתנות", ביי דעם שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט

אין אַנדערע פאַרלאַגן:

לייוויקס גולם — 1927, פאַרלאַג „יידיש לעבן".

חומש פאַר קינדער לויט יהואש, „יהואש פאַרלאַג־געזעלשאַפט" 1940, דריטע אויפלאַגע 1949.

מעשות פון אגדתא פון חיים שויס און שלמה סיימאָן — 1936, אַרויסגעגעבן פון די מחברים.

ה. לייוויקס קינדער־יאָרן, פאַרלאַג „נייע יידישע שול", ווילנע 1938.

---

די צוויי ביכער „שמערל נאַר" און „די העלדן פון כעלם" איבערגעזעצט אין ענגליש:

THE WANDERING BEGGAR
Behrman Book House, 1942; Second printing, 1946

THE WISE MEN OF HELM
Behrman Book House, 1945; Second printing, 1946

דער אַדרעס פון מחבר:

DR. SOLOMON SIMON
215 East 43rd Street, Brooklyn 3, N. Y.